# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz
Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT
IMAGING



**Di klub-bine ;**
**Tsemakhhke di tekhnike ;**
**Dray fentster.**
**Minsk, 1936.**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1899.17

Di klub-bine : Tsemakhke di tekhnike ; Dray fentster.
Minsk : Melukhe-farlag fun Vaysrusland, 1936.
119 p. ; 17 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Belarus-Mensk

ID : NXYH01-B10743 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /46196

Reduction ratio X 10.0

י. זעלדין



# די קלוב־בינע

מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
נאצסעקטער — מינסק — 1936

י. זעלדין

# די קלוב־בינע

צעמאכקע די טעכניקע
דרײַ פענצטער



מעלוכע־פארלאג פון װײַסרוסלאנד
מינסק • נאצסעקטער • 1936

# צעמאכקע די טעכניקע

פיעסע אין 3 אקטן

## פ ע ר ז אָ נ ע נ:

**צעמאכקע**—א שטעטלדיקער יאט, 17 יאָר.

**טאטע** } צעמאכקעס עלטערנ, אַלט צו 50 יאָר.
**מאמע** }

**כאנעלע**—א שטעטלדיקע מיידל, 17 יאָר

**מוישע די יאזדע**—שטעטלדיקער באלעגאָלע, 50 יאָר.

**אלטערקע**—א יונגער ארבעטער אפנ זאוואָד, 20—19 יאָר.

**רווועלע**—זיינ כאווער, א יוגנטלעכער ארבעטער, 17—16 יאָר.

**קיילע**—אלטערקעס מאמע, א ייִדענע פונ א יאָר 45.

**טאָנקע**—א יונגע ארבעטערנ אפנ זאוואָד, 18 יאָר.

**האליק**—א יונגער ארבעטער, 19—18 יאָר.

**צאלקע**—א יוגנטלעכער אפנ זאוואָד, 18—17 יאָר.

**ביילינע**—א יונגע ארבעטערנ, 17 יאָר.

**גארבער**—א יונגער ארבעטער, א בריגאדיר, 20 יאָר.

**פארפיאנ**—א מייסטער, א רוס, פונ מיטעלע יאָרנ.

**וואלעריאנ**—א וועכטער, א זאָקנ פונ א יאָר 70.

**אָטאָ העקער**—א דייטש, אנ אינסטרוקטער, 28 יאָר.

**הערשעלע וועליקאנ**—א פיִאָנער.

**אינזשעניער**—45 יאָר.

## פראָלאָג

א שטעטלדיקער פייזאזש. א הייזל אפ א הייזל. ווייניק ליכט. צעמאכקע שטייט באם פענצטער פונ דרויסנ. זיינ מאמע פונ אינווייניק.

**מאמע:** וונעלע מיינער, טאָמער וועט דיר דאָרט זיינ שלעכט אינ דער שטאָט, איז פאָר גלייכ צוריק.

**צעמאכקע:** איי, וואָס רעדסטו, מאמע.

**טאטע** (קומט אַנ): נו, ווו איז מוישע די יאזדע.

**כאנעלע** (קומט צו לויפנ): נא, אָט איז די מאשינ.

**צעמאכקע:** פאמעלעכ, פאמעלעכ, צעברעכ ניט!

**א שטימ:** אָ, צייטנ.

**2־טע שטימ:** ס'ניט פארפאלנ ווערנ, נישקאָשע.

**טאטע:** ווו איז מוישע די יאזדע?

**מאמע:** א טאטע, א שטיינערנע הארצ. לאָזט אָפ א קינד נאָכ גאָר א יונגס.

**טאטע:** ייִדענע, וואָס כליפעסטו? כ'האָב אימ געלערנט קירזשנעריי, וויל ער ניט. מאשינעס וויל ער. איז זאָל ער. אבי א מעלאָכע. א מעלאָכע אינ האנט איז א קארב אינ קעשענע.

**כאנעלע** (צו צעמאכקענ): כ'ל אזוי בענקען. צעמאכקע, וועסט שרייבנ?

**צעמאכקע:** יאָ, כאנעלע. דיר וועל איכ שרייבנ מיט גראמענ.

כאנעלע: אָי, סארא גוטסקייַט.

מוישע די יאזדע (קומט אַנ): נו, וואָס האָלובעט איר זיכ דאָרטנ? דער באַנ וועט באלד אָפּפּייַפנ. ער וועט פארייַסנ דעם עק אונ אוועק גיכער, גיכער אפנ פור.

צעמאכקע: פאמעלעכ, פאמעלעכ. צעברעכט ניט.

מאמע: זייַ געזונט, צעמאכל, זונעלע מייַנער. שרייַב בריוו (צום באלעגאָלע) רעב מוישע, פאמעלעכ דאָרטנ, ווי איר זעצט אים אריַינ אינ באַנ.

מוישע: נישקאָשע, ס'איז א לאָשעק מיט סייכל. ס'וועט אים קיינ בייז ניט טרעפנ. נו, גיכער, גיכער.

טאטע (צו צעמאכקענ): ווארט, נא דיר די נייַע היטל. א שטאָטישע. גאָר אנ אנדער פּאָנעם.

מוישע די יאזדע: געגנוג צו האָלובענ זיכ. דער פּאָיעזד וועט באלד אָפּפּייַפנ. (לויפט סאָרויס).

א ייִנגלשע שטימע: צעמאכקע, פאָר געזונט!

צווייטע שטימע: צעמאכל, דעם באַנ שרעק ניט איבער... (געלעכטער).

טאטע: נו קומט, איכל דערגייינ אביסל מיטנ פור.

כאנעלע: איכ אויכ.

מאמע: ווארט, צעמאכל, זונעלע.

טאטע: ווו גייסטו! ייִדענע, זיצ אינ שטוב.

(צעמאכקע מיט דער מאמענ זעגענענ זיכ).

ייִנגלשע שטימע: צעמאכקע פאָרט אוועק. א רוישעם אינ שטעטל!

טאטע: נו, פאָר געזונט. פארגעס ניט, זייַ א מענטש.

כאנעלע: איכל אזוי בענקענ. פאָר געזונט.

צעמאכקע: איכ פאָר, איכ פאָר.

(צעמאכקע מיטנ קלומעק אפ די פלייצעס גייט סאָרויס. דאָס שטעטל גייט אָפּ לאנגזאם אינ הינטערגרונט).

פ אָ ר ה א נ ג.



# ערשטע אקט

## ע ר ש ט ע ב י ל ד

(א נייַער צעכ, אָנגעשטעלט מיט נייַע, גיט צונויפגעשטעלטע מאשינעס. אלצ אינ אומאָרדענונג. קאסטנס מיט אומשריפטנ: האמבורג—ססטר. אינמיטנ בינע העגנט א קייט פונ אנ עלעקטרישנ קראנ. אינ צעכ איז קיינער ניטאָ. א הודאָק. עס לויפט אָנ א קאמפאניע יונגנטלעכע מיט די פרישטיקנ אינ די הענט. א טומל. א געלעכטער. מע פארכאפט די ערטער. מע עסט).

א יאט: עכ, א צעכ! א סטאדיאָנ! כאָטש שפּיל אינ פוטבאָל!

1-טע מיידל: כאָטש לאָז זיכ אינ א וואלס!

פּיאָנער: כאָטש מאכ דאָ א קינעמאטאָגראפ!

2-טע מיידל: ווענ טרעטנ מיר שוינ צו צום מאָנטאזש? ווו איז גארבער? גארבער. אאו!

טאָנקע: פאמעלעכ ווי דו שרייַסט, זיי זייַנענ אלע אינ זאווקאָם אפ דער פּראָדוציר־בעראטונג—דאָרט איז דער מייַסטער אויכ.

האליק: שוינ די דריטע בעראטונג אונ אָנ א טאָלק. דאכט זיכ קלאָר. א צעכ איז פאראנ?

2-טע מיידל: א פאלאצ!

האליק: מאשינעס נייַע זייַנענ שוינ אָנגעקומענ?

פּיאָנער: ליאלקעס!

האליק: ליאלקעס, ליאלקעס. אווטאָמאטנ עלעקטרישע, אונ ניט קיינ ליאלקעס. א סעקונדע א שרויפ. איינ עלעקטרעגלייַער גיט מער

פונ צענ אלטע נאפט־אייוועלעכ. איז דאָכ קלאָר, אז מיר דארפנ
וואָס גיכער לאָזנ דעם נײַעם צעכ.

**טאָנקע:** פרווו נאָר אָנ אנ אינסטרוקטער מאָנטאזשירנ. באוויַיז א קונצ.

**צאלקע** (לויפט אריַינ): דאָרטנ אינ זאווקאָם רײַסט מענ זיכ. איינע טײַ־
נענ שוינ צוטרעטנ, די אנדערע—ווארטנ אפ אנ אינסטרוקטער.

**האליק:** וואָס קוועטשנ זיי זיכ דאָרטנ אינ זאווקאָם? אנ אומגליק.
דער אלטער זאוואָד א כורווע. ניטאָ ווו די הענט צו צעפירנ.
אלצ איז צעשרויפט אונ צעטרייסלט פונ אלטקײַט. די פּאָרסונקעס
הוסטנ אונ ניסנ. די אייוועלעכ שיטנ זיכ. די פלאנצעס לאָזנ דורכ
דעם נאפט. איכ שרויפ אונטער דאָ—שפריצט דאָרטנ. איכ שרויפ
אונטער דאָרטנ—שפריצט דאָ. אנ אומגליק.

**אלע:** אנ אומגליק.

**האליק:** אפ אונדזערע אלטע אייוועלעכ איידער מע ברענט אָפ א שרויפ
ווערט קאלט אונטערנ פופיק, אונ דאָ שטייענ מאשינעס אונ מע
צאצקעט זיכ מיט זיי. אָי, ווענ באגראָב איכ זיי שוינ, ווענ באגראָב
איכ זיי שוינ!

**אלע:** וועמענ? וועמענ?

**האליק:** אָט אונדזערע אלטע שטינק־אייוועלעכ.

(אלגעמייגער געלעכטער).

**טאָנקע:** האליקל, פאמעלעכ ווי דו באגראָבסט. אפריִער לערנ זיכ אויס
אפ די נײַע מאשינעס, דערנאָכ וועסטו די אלטע באגראָבנ. אפ־
ריִער מוזנ מיר די טעכניק באהערשנ.

**האליק:** בא הערשנ צי בא יאנקלענ, מירנ זיכ שוינ דערקלײַבנ צום
שרײַפעלע, האָב קיינ יעסורים ניט.

**רוווועלע** (לויפט אריַינ חויגענדיק אינ א שפאס): מע האָט שוינ באשטימט!
מ'האָט שוינ באשטימט!

**אלע:** וואָס? וואָס?

**רוווועלע:** אָפלייגנ אפ איבעראיאָר מאָנטיק.

**האליק:** אנ אומגליק.



(גארבער לויפט אריַינ, טאנצנדיק זינגט א מעלאָדיע אונטערנ נאָז).

**טאָנקע:** אונ ער טאנצט, מעשוגע.

**גארבער** (טאנצנדיק): היַינט, טאָנקע!..

**טאָנקע** (לויפט צו אים, טאנצט מיט): וואָס היַינט?

**גארבער** (טאנצנדיק): היַינט טרעטנ מיר צו צום מאָנטאזש.

**טאָנקע** (צו די יאטנ): צום מאָנטאזש היַינט!

**אלע:** היַינט! היַינט! היַינט! צום מאָנטאזש!

**גארבער** (צו אלעמענ): נו, איז עס געווענ א בעראטונג, מיט א טעמפע־
ראמור! הו! אונ אונדזער צעכ־מײַסטער האָט עס דאָרטנ... (הינטערנ
בינע דערהערט זיכ א הויכע שטים). מירנ זיי נאָכ באוויַיזנ! האָ־האָ־האָ־חאָ!!

**גארבער:** שא, אָט גייט ער אליינ, זאָל ער דערציילנ.

(עס קומט אריַינ דער צעכ-מײַסטער פארפיאנ).

**פארפיאנ:** אהא! אונדזערע האָבנ געגומענ!

**שטימענ:** פארפיאנ, דערצייל, וואָס האָט מענ באשטימט?

**פארפיאנ:** עס האָט זיכ דאָרטנ צונויפגעקליבנ די גאנצע נאטשאלסטווע:
דער דירעקטער מיט די אינזשעניערנ פונ טרעסט, דאָס פּאָרט־
קעמערל, דער זאווקאָם מיט די צעכ-פארוואלטערס, אונ מע האָט זיכ
פארנומענ מיט אונדזער צעכ. אונ מע האָט באשטימט.

**שטימענ:** וואָס האָט מענ באשטימט?

**פארפיאנ:** ווידער אָפוואַרטנ מיטנ מאָנטאזש ביז עס וועט זיכ ווײַזנ
אנ אינסטרוקטער.

**שטימענ:** ווידער אָפלייגנ? טשערעפאכעס! אָפּאָרטוניסטנ!

**רוווועלע:** אָפּאָרטוניזמ!

**האליק:** אָפּאָרטוניזמ! אנ אומגליק! וואָס קוועטשנ זיי זיכ דאָרטנ אינ
זאווקאָם?

**פארפיאנ:** סטאָפּ! סטאָפּ! סטאָפּ! אהא, טראכט איכ מיר, דאָ וועט מענ
שוינ דארפנ אונטערשרויפנ די הײַקע.

**שטימענ:** נו, נו, וואָס האָסטו געזאָגט?

**פארפיאנ:** שטייט. שטייט. כאפט ניט די פיס פאר די הענט. איר ווייסט
דאָכ, איכ בינ א מענטש א קאלטבלוטיקער, איכ האָב פײַנט זיכ
צו היצנ. שטעל איכ מיכ אופ אונ גיב געלאסנ א זעצ איבערנ
טיש: ניט ריכטיק! טעמפנ ווּ זײַנענ? אפ אָקסנ פירט איר זיי?
אונדזער צעכ איז שוינ פארטיק, ווי א קאלע צו דער כאסענע.
די מאשינעס זײַנענ שוינ אויכ אָנגעקומענ. זיי שלאָפנ, נעבעכ,
מײַנע הארציקע, אינ די קאסטנס. א ווייטעק צו קוקנ. אונ דאָ —
אנ אינסטרוקטער! אונ אָנ אימ וועלנ מיר זיכ ניט ספראווענ?
אונ אינ 20-טנ יאָר, שרײַ איכ, אז מיר האָבנ ארײַנגעכאפט בא
יודעניטשנ דעם ערשטנ מאָל א טאנקע, אנ אײַזערנע מאכינע,
האָבנ מיר געזוכט אנ אינסטרוקטער? ניינ! מיר האָבנ זיכ אליינ
דערקליבנ צו איר הארצ. געלאָזנ דעם מאָטאָר אונ א געשריי
געטאָנ; ריר זיכ, טשערעפאכע! מארש, מארש! אונ זי איז אוועק!
**אלע:** אוועק אונ אוועק!
**פארפיאנ:** טאָ-טאָ!
**אלע:** אײַ, גוט! אָט דאָס איז פארפיאנ! אונדזער פארפיאנ. דערציייל,
דערציייל. מײַסטער!
**פארפיאנ:** האָט מענ מיכ ווידער ניט געוואָלט הערנ. מיר האָבנ נאָכ,
זאָגנ זיי, די טעכניק ניט באהערשט אונ אָנ אנ אינסטרוקטער
וועלנ מיר אָנמאכנ ליאפסוסנ. דאָ ווער איכ מיר שטארק קאלט־
בלוטיק אונ גיב מיר א זאָג געלאסנ צומ פארטיי־סעקרעטאר
מאטוויי, שוינ לאנג, אז דו קענסט מיכ פאר א פארטייער? איכ
ווייס, מאכט ער, פונ קראָנשטאט אָנ ווערט שוינ זײַנ, מיסטאָמע,
א יאָר צוועלפ. נו, זאָג איכ, אונ פאר דער צײַט האָב איכ עפעס
אפולע ליאפסוסנ אָנגעמאכט? איכ ווייס, זאָגט ער, דאכט זיכ, אז
ניט. טאָ־טאָ! זאָג איכ. דעם צעכ דארפנ מיר לאָזנ אונ שוינ צומ
מאָנטאזש. איכ ענטפער פאר דער פארטיי אונ פארנ צעכ. בריי־
דערלעכ, זאָג איכ, לאָזט מיכ! לאָזט מיכ! מײַנע קאָמסאָמאָלצעס
ווארטנ. מע האָט באשלאָסנ א געוועט אונ ארומ וואָס זיכ צו
וועטנ איז ניטאָ. לאָזט מיכ א רודער טאָג, שוינ דערעסנ די



אלטע אייוועלעכ. זיי ליגנ אונדז אינ דער ערד. ניט קיינ נאָר־
מעס, ניט קיינ פראָדוקציע, קוסטארשטשינע!
**טאָנקע:** אוי, פארפיאנ! ביסט דאָכ אנ עמעסער קאָמסאָמאָליעצ!
**שטימענ:** וואָס זשע איז געבליבנ?
**פארפיאנ:** שטייט, שטייט, יאטנ. נאָכ אזא רעדע זײַנענ זיי אלע גע-
בליבנ געפלעפט, אונ מע האָט באשלאָסנ צוטרעטנ צומ מאָנטאזש
הײַנט! באלד! שוינ!
**האליק:** אוי, פארפיאנושקע, לאָז מיר דיכ א קוש טאָנ אינ די וואָנצנ.
**פארפיאנ:** נו, נו, דאָס איז א ווײַבערשער איניענ. אונ כוצ דעם איז
דאָכ דײַנ פארצעפ אינ סאזשע:

(אלגעמיינער געלעכטער).

**טאָנקע:** אָבער אנ אינסטרוקטער?
**פארפיאנ:** שטיי, כאפ ניט דעמ עק פאר די פיס. איכ בינ דענ קעגנ
אנ אינסטרוקטער? איכ ליארם גאנצענע טעג דורכנ טעלעפאָנ
אינ אָטדעל קאדרענ. זיי טײַנענ אלצ: מיר שיקנ צו, מיר שיקנ
צו, ער קענ טאקע צו יעדער מינוט אָנקומענ. נאָר מיר, פאר־
שטייט זיכ, וועלנ אויכ ניט ווארעמענ די הענט אינ די קעשע־
נעס. צומ מאָנטאזש! טעמפנ, טעמפנ!
**גארבער:** אָט וואָס, יאטנ! איכ האָב אזא געדאנק. אויב מירנ אנ אר־
בעט טאָנ ראיעל אונ מירנ לאָזנ דעם צעכ צו דער צײַט, וועל־
מיר אימ מאכנ פאר א קאָמסאָמאָלישנ צעכ.
**שטימענ:** דאיאָש! דאיאָש!
**פארפיאנ:** וואָס איז שײַעכ דער טעכניק, וועלנ מיר עס שוינ א גריי־
זשע טאָנ.
**האליק:** בלוט פונ נאָז.
**פיאָנער:** איכ בינ קעגנ בלוט־פארגיסונג. קאָנקרעט אָרגאניזירנ א
טעכנישנ ווינקל באמ קלוב.

**פארפיאנ:** גערעכט! כ'ל א שמועס טאָנ מיט די אינזשעניערנ, זאָלנ זיי העלפנ. (צו גארבערנ) נו, בריגאדיר, גיב אהער דײַנע סאפּיאָרנ. קאװאלעריע, נאָכ מיר!

(אלע אָפּ מיט געזאנג. עס קומט אָנ אנטקעגנ אלטערקע. ער פארהאלט רװעלעכ. רוװעלע קװענקלט, ער רײַסט זיכ ארויס פונ אים אונ לויפט אװעק מיט דער גאנצער קאמפּאניע. גארבער, צאלקע, האליק, פּיאָנער באמערקנ עס, זיי פארהאלטנ זיכ).

**גארבער:** הע, אָט־אָט גייט ער, דער פּראנט. אויסגעפּוצט, װי א כאָסנ.

**האליק:** דריטער טאָג, װי ער ארבעט ניט. אנ אומגליק.

**צאלקע:** װידער מיט א ביולעטענטשיקל.

**אלטערקע:** אוהום.

**גארבער:** פארנ זאװאָד קרענקסטו ניט?

**אלטערקע:** װאָס הייסט, איכ קרענק ניט? איכ קרענק, עס װייטעקט דאָס הארצ. דערפאר האָב איכ טאקע באקומענ א ביולעטענ. אוי, מײַנ הארצ!

**האליק:** ער קרענקט פארבײַ אונ פרעסט פאר דרײַ.

**אלטערקע:** כ'האָב זיכ איבערגעארבעט. נו, האָט אָנגעהויבנ װייטעקנ דאָס הארצ.

**האליק:** איבערגעארבעט? איבערגעטרונקענ האָסטו זיכ. נעכטנ געװאלגערט זיכ, װי א כאזער.

**אלטערקע:** פאר מײַנ אייגנ געלט. דו'סט מיכ ניט געפּויעט.

**צאלקע:** פּוסטעפּאסניק!

**אלטערקע:** הער, ראזדראזשאיע מיכ ניט, װאָרעמ איכ בינ א פּסיכ! איכ קענ נאָכ ארופּפאלנ אפ דיר, װעסטו פילנ א טאמ.

**האליק:** פּאמעלעכ, פּאל ניט.

**פּיאָנער:** סימוליאנט!

(אלע אָפּ. עס קומט טאָנקע).

**אלטערקע** (כאפּט ארומ „טאָנקענ"): הינדעלע מײַנס!

**טאָנקע** (שטופּט אימ אָפּ): פּאמעלעכ, װעכט פארפלעקנ דײַנ קאָסטיומ.



**אלטערקע:** שטאָלצירסט? בריקעװעסט זיכ? פארגעסט אלטע פרײַנט־שאפט?

**טאָנקע:** פו, עס טראָגט פונ דיר, װי פונ א ספּירט־זאװאָד.

**אלטערקע:** פריִער פלעגט עס דיכ ניט קימערנ אונ איצטער ביסטו געװאָרנ אזא איידעלע, אינטערעסנע.

**טאָנקע:** ניט איידעלער בינ איכ געװאָרנ. כ'האָב דיכ דערקענט.

**אלטערקע:** טאָנקע, פארװאָס האָסטו אָנגעהויבנ פארײַסנ די נאָז. אזא קלוגע ביסטו געװאָרנ? איכ שטיי דיר שוינ ניט אָנ?

**טאָנקע:** גיי אװעק, גיי אװעק, ס'עקלט מיכ!

**אלטערקע:** אזוי גאָר, פּרינצעסנ מײַנע? נו, נו, מירנ שוינ זענ. װעסט נאָכ בא מיר זינגענ (אָפּ).

(עס לויפט ארײַנ צעמאכקע מיט א קלומיק אינ איינ האנט, מיט א פּאפּירל—אינ דער צװייטער. אינ טאש שטעקנ בא אימ א פּאָר זשורנאלנ „נאוקא אי טעכניקא". נאָכ אימ לויפט דער װעכ־טער אונ שלעפּט אימ פאר א האנט).

**װעכטער:** איכ זאָג דאָכ דיר, אז דער מײַסטער איז אינ צװייטנ קאָרפּוס.

**צעמאכקע:** אונ מיר האָט מענ געזאָגט, אז דער מײַסטער גייט דאָ ארומ אינ צעכ.

**װעכטער:** װעלכער מײַסטער? פאראנ עטלעכע מײַסטערס.

**צעמאכקע:** װעלכער, װעלכער, דער גלאװנער. נו, װאָס ארומ די מאשינעס.

**װעכטער:** אָט. אנ אָנשיקעניש, טפו! (אָפּ).

**צעמאכקע:** נו, אָט דאָ איז עס, מיסטאמע. פו! ס'ארא היצ, װי אפנ אויבערשטנ פּאָל. איכ װאָלט אימ שוינ װעלנ אָנקוקנ דעמ מײַס־טער. (ער לייענט לאָזונגענ אפ די װענט):

די קאָמפּארטיי, איז אונדזער פירער,
זי פירט נאָכ זיכ דאָס גאנצע לאנד.
דעמ פינפיאָר אויספילנ אינ פיר יאָר.
לאָמיר אויספילנ אונדזער פּראָמפינפּלאנ.

הע, אינ גראמענ. איכ וואָלט אויכ אזוי געקאָנט אָנשרײַבנ. (ער לייענט ווידער: „פיאטיהאָדקא או טשעטירי האדי" ער באמערקט טאָנקען). מע דארפ בא אימ א פרעג טאָנ. כאווער, כאווער. וווּ איז דער... (טאָנקע קערט זיכ אומ צו אימ. ער באמערקט, אז עס איז א מיידל.) אוי, זע, ס'איז גאָר א מיידל (ער קוקט אפ אירע הויזנ אונ לאכט אינ פויסט).

**טאָנקע** (פארוווּנדערט): וואָס לאכסטו?

**צעמאכקע:** הע, א מיידל אינ מײַטקעס. א מאָדנע מיידל.

**טאָנקע:** אָט א צעמאכ!

**צעמאכקע** (פארוווּנדערט): זע, פונוואנענ ווייסטו מײַנ נאָמענ?

**טאָנקע:** דער צעמאכ ליגט דיר אפנ נאָז.

**צעמאכ:** סארא שטאָלצע! וואָס לאכסטו פונ מיר?

**טאָנקע:** ביסט אזא מאָדנער.

**צעמאכקע:** אפ וואָס פארא מאשינעס ארבעטסטו?

**טאָנקע:** כ'ארבעט ניט אפ מאשינעס. כ'בינ אינ פארקאָכ־צעכ.

**צעמאכ:** פארקאָכט זיכ? אינ וועמענ האָסטו פארקאָכט זיכ?

**טאָנקע:** ניט פארקאָכט זיכ—אינ פארקאָכ־צעכ. נו, ווו מע פארקאָכט טשוהונ. פארשיידענע דעטאלנ.

**צעמאכקע:** א, איצטער פארשטיי איכ שוינ. דו קאָכסט אינ טשיהונעס? א קוכארקע. טאָ פארוואָס זשע אינ מײַטקעס? (צום פובליקום). ט' געהערט? א קוכארקע אינ מײַטקעס.

**טאָנקע:** אפנ זאוואָד טויג ניט אינ א קליידל. עס קענ נאָכ פארכאפנ.

**צעמאכקע:** אונ ווי רופט מענ דיכ?

**טאָנקע:** טאָנקע.

**צעמאכקע:** אוי, אונדזער שטעטלדיקנ וועטערינארס מיידל—די צעקריטעניש—רופט מענ אויכ טאָנקע.

**טאָנקע:** א, ביסט פונ שטעטל?

**צעמאכקע:** יאָ, איצטער געקומענ.

**טאָנקע:** דעמ ערשטנ מאָל אינ שטאָט?

**צעמאכקע:** דעמ ערשטנ מאָל. איכ האָב שרעקלעכ האָלט א שטאָט אונ דערהויפט מאשינעס.



**טאָנקע:** וואָס ווע‌סטו דאָ טאָנ אינ שטאָט?

**צעמאכקע:** טרינקענ סעלצער־וואסער.

**טאָנקע** (צו זיכ): אָט א קאָמיקער. (זי באמערקט בא אימ די זשורנאלנ) דו לייענסט „נאוקא אי טעכניקא"?

**צעמאכקע:** א שײַלע! איכ שרײַב זיי אויס פונ שטאָט. טשיקאווע זשורנאלנ. דאָרטנ איז וועגנ אינדוסטריאליזאציע! גיגאנטנ! עלעקטרישע מאשינעס, טעכניקע!!!

**טאָנקע:** אפ דעמ דארפ מענ דאָכ אָבער זײַנ קאָמפעטענט.

**צעמאכקע:** א קאָפ מיט הענט? אוודע, זאָל נאָר זײַנ א קאָפ מיט הענט אונ איכ'ל אלצ דערגרייכנ.

**טאָנקע:** קאָמפעטענט. אוי, איכ שטארב.

**צעמאכקע:** קאָמפינטענט? אזא וואָרט האָב איכ אינ „נאוקא אונ טעכניקא" ניט געטראָפנ.

**טאָנקע:** וואָס נאָכ פאר א זשורנאלנ לייענסטו?

**צעמאכקע:** מער קיינע ניט. מיכ אינטערעסירט נאָר טעכניקע! דו ווייסט, איכ בינ אנ איזאָברעטאטעל!

**טאָנקע:** א דערפינדער?

**צעמאכקע:** אָ, אָ, אָ! אָט דאָס מיינ איכ טאקע, א דערפינדער.

**טאָנקע:** האָסט שוינ וואָס ניט איז דערפונדנ?

**צעמאכקע:** ניינ, דערווײַל נאָכ גאָרניט. איכ האָב בלויז צוגעטראכט א מאשינע.

**טאָנקע:** א מאשינע? וואָס פאר א מאשינע?

**צעמאכקע:** א מאשינ אפ שטעקעווענ קרויט. פארשטייסט, מע נעמט א קעפל קרויט, מע לייגט צו צו דער מאשינ אונ אינ איינע פופצנ מינוט צעשנײַדט זי עס אפ לעקשעלעכ.

**טאָנקע:** אָהאָ! ווו זשע איז זי, די מאשינ?

**צעמאכקע:** איכ האָב זי דערווײַל געמאכט פונ האָלצ. זאָל איכ נאָר האָבנ אײַזנ אונ ווו דאָס צו מאכנ, וועסטו שוינ זענ.

**טאָנקע:** א־א־א!! (זי לאכט).

צעמאכקע: וואָס איז אפ דיר דער געלעכטער? זאָג מיר בעסער, ווו איז דער מײַסטער?

טאָנקע: צו וואָס דארפסטו אימ?

צעמאכקע: צו וואָס, צו וואָס. אָט א נאריש מיידל. פארשטייט ניט, מע האָט מיכ געשיקט אהער אפ ארבעט.

טאָנקע: ביסט א קאָמסאָמאָלעצ?

צעמאכקע: ניינ, נאָכ ניט. איכ וויל זיכ אפריִער אויסלערנענ די טעכניקע!!!

טאָנקע: הערסט, אָט דאָס וויל דאָכ דער קאָמסאָמאָל. דער כאווער סטאלינ האָט געזאָגט:

„אינ פעריִאָד פונ רעקאָנסטרוקציע לייזט די טעכניק אלצ.

צעמאכקע: אָ! אָ! אָ, איבערהויפט די טעכניקע. מײַנע ווערטער. ווי איכ זע, קענ מענ זיכ מיט דיר צונויפריידנ. לאָמיר זײַנ פרײַנט. וועסט מיר העלפנ זיכ אויסלערנענ די טעכניקע?

טאָנקע: כ'וועל דיר העלפנ.

צעמאכקע (באגײַסטערט): אוי, כאָ גיב זשע א האנט. (זיי גיבנ זיכ די הענט. א הוראָק. טאָנקע לאָזט זיכ לויפנ. צעמאכקע בלײַבט אליינ). הע, כאָטש א שטאָטיש מיידל, נאָר ניט קיינ שטאָלצע. מע קענ זיכ מיט איר צונויפריידנ.

(עס קומענ אָנ די יאטנ, מע נעמט זיכ צו די נײַע מאשינעס. וועגל-פירער פאָרנ דורכ הינ אונ צוריק מיט טאטשקעס. אינדערהויכ קומט אָנ דער עלעקטרישער קראנ. אפ דער קייט שלעפט ער א גו ויסע מעטאלענע קריישקע. דער קראנ סיגנאליזירט. צעמאכקע דערשרעקט זיכ. ער לויפט אהינטער אונ פאלט אפ אנ אָנקומענדיקנ וועגעלע. ער שרײַט: אוי, אוי, אוי!)

וועגלפירער: הע, בירגער, אײַער בילעט? וווהינ פאָרט איר?

צעמאכקע: הא, וואָס פאר א בילעט? איכ בינ דאָכ שוינ געקומענ צופאָרנ.

וועגלפירער: נו, טאָ קײַקלט זיכ אראָפ. כ'בינ דיר ניט קיינ איזוואָזטשיק.



צעמאכקע (שפרינגט אראָפ פונ וועגעלע. צו זיכ): פו, א סאקאָנע פארנ לעבנ. די מאשינע אינדערהויכ. געמיינט, זי פריטשמעליעט מיכ.

(רעכטס אונ לינקס קומענ אָנ וועגלפירער מיט טאטשקעס. צעמאכקע שפרינגט צווישנ זיי פאָרזיכטיק. עס קומט אָנ פארפיאנ מיט גארבערנ).

פארפיאנ: אז איכ זאָג דיר, זיי האָבנ איצט ערשט געקלונגענ. זיי האָבנ אימ שוינ ארויסגעשיקט מיט א פוטיאָווקע. ער האָט שוינ לאנג געדארפט זײַנ. ער קענ צו יעדער מינוט אָנקומענ.

גארבער: עכ, אָט איצטער וועט עס אוועקגיינ א גאנג. אבי מע האָט ארויסגעשיקט דעמ אינסטרוקטער. יאָ, אָט וואָס, פארפיאנ, טאָמער איז ער ניט קיינ היגער, טאָ שיק אימ צו אונדז אינ צוזאמענוווינונג. א בעטל וועט זיכ שוינ געפינענ. נו, איכ לויפ אָרגאניזירנ די צווייטע סמענע מאָנטאזשניקעס.

צעמאכקע (צו זיכ): דאָס מוז! ער זײַנ דער מײַסטער. (צו פארפיאנענ) מע האָט מיכ געשיקט אפ ארבעט.

פארפיאנ (צעטראָגנ): וואָס עפעס צו מיר? אינ קאָנטאָר גיי (צו די יאטנ) נו ווי? די דעטאלנ פאסנ?

צעמאכקע (צו זיכ): אוי, סארא שטרענגער. (ער כאפט פארפיאנענ פארנ ארבל). ניינ, מע האָט מיכ געשיקט נאָר צו אײַכ. כ'וויל זיכ גרייטנ אינ די קאדרענ. כ'וויל אפ עלעקטרישע מאשינעס זיכ לערנענ די טעכניקע!!!

פארפיאנ: הא? אפ די עלעקטרישע מאשינעס, זאָגט איר? א טעכניקער פונ אָטדעל קאדרי?

צעמאכקע: אָ! אָ! אָ! קאדרענ! די קאדרענ! דאָס מיינ איכ טאקע אפ די עלעקטרישע מאשינעס! די טעכניקע!!!

פארפיאנ (רײַבט די הענט מיט פארגעניגנ): ענדלעכ, ענדלעכ, צוגעשיקט. קומט, קומט, ניינ, ווארט. יאָ, אכ ווי גוט.

צעמאכקע (צומ פובליקומ): ווײַזט אויס א דימענטענער מענטש.

**גארבער** (פונ דער זײַט): אוי, מע האָט צוגעשיקט דעם אינסטרוקטער, איכ לויפ, איכ לויפ אינ צוזאמענוווינונג דערציילנ, וועט עס זײַנ א פרייד (גארבער אָפ).

**פארפיאנ:** אכ זע, וואָס זשע שטיי איכ. איר האָט, כאווער, פארשטייט זיכ, א צעטעלע?

**צעמאכקע:** ווי דענ? אָט! (צו זיכ) מיר האָט אָפגעגליקט.

**פארפיאנ** (נעמט דעם צעטל, לייענט ניט, שרײַט): גארבער! גארבער! מע האָט צוגעשיקט. כאווער גארבער, ווו איז ער דאָרט?

**א שטימע:** גארבער אוועקגעלאָפנ אינ צוזאמענוווינונג.

**פארפיאנ:** ענדלעכ, אונ מיר האָבנ עס געוואָרט. די אויגנ אויסגעקוקט. די וויכטיקסטע אופגאבע פאר אונדז איז אצינד באהערשנ די טעכניק.

**צעמאכקע:** הערסט, אווארע, דאָס זאָג איכ דאָכ. טעכניקע!!! עלעקטרישע מאשינעס! אַ קוועטש אינ דער קנאָפּקע אונ עס גייט שוינ אליינ! א קוועטש אינ דער קנאָפּקע אונ אוועקגעגאנ! אוועקגעגאנ! טעכניקע!!!

**פארפיאנ:** יאָ, יאָ, ריכטיק דריקט ער זיכ אויס. מע דארפ נאָר א קוועטש טאָנ אונ עס וועט שוינ אוועק. וואָס דענ, מיט די אלטע שטינק־אייוועלעכ זיכ מאטערנ—ניט קיינ נאָרמעס, ניט קיינ פראָדוקציע! קוסטארשטשינע! מיר האָבנ זיכ קוימ דערווארט אפ די עלעקטרישע גלײַערס אונ דעריבער טאקע נייטיקנ מיר זיכ אינ אזעלכע, ווי איר. מיר דארפנ ענטוזיִאסטנ. יונגע! גלויביקע! לאָזנ דעמ צעכ, מירנ געבנ שרויפנ, ווי די באָב. אונדזער זאוואָד וועט זײַנ איינער אינ ראיאָנ.

**צעמאכקע:** איכל זיכ שוינ א סטארע טאָנ. כ׳האָב אלעמאָל געשטרעבט אפ א זאוואָד, צוזאמענ מיט די ארבעטער, גלײַכ מיט אלעמענ. א מעכײַע!

**פארפיאנ:** אירט מיסטאמע ניט לאנג געענדיקט? איר זײַט א היגער?

**צעמאכקע:** ניינ, געקומענ צופאָרנ.



**פארפיאנ:** נו, דאָס מאכט ניט אויס. אנ אָרט צום וווינענ איז בא אונדז פאראנ. אָט איז אנ אדרעס, אינ צוזאמענוווינונג. (ער שרײַבט) דאָרט זײַנענ ווילדע יאטנ, קאָמיוגיסטנ. אירט זיכ שוינ מיט זיי באפרײַנדנ. זיי וועלנ אײַכ גוט אופנעמענ. ס׳איז דאָ אפנ הויפ.

**צעמאכקע** (כאפט דאָס פאפירל): איכ לויפ. איכ לויפ. (אָפ).

פ אָ ר ה א נ ג.

## צווייטע בילד

(אינ צוזאמענוווינונג. עטלעכע בעטלעכ. א טישל. אינ הינטערגרונט א מאָדעל פונ א מאשינ. בא דער מאָדעל א גרופע יאטנ. אפ א בעטל אלטערקע אינ שטיוול, רויכערט, אפ א צווייטער—רוועלע, אפ די ווענט לאָזונגענ וועגנ באהערשנ די טעכניק).

**א יאט** (בא דער מאָדעל): אפנ ערשטנ קאָנטאקט טויג ניט. עס וועט איבערברענענ דער שרויפ. בראק. אפנ צווייטנ וועט ניט דערגלײַענ. ווידער בראק. דאָ מוז שטעקנ אנ אנדער קונצ.

**צאלקע:** סטאָפ. יאטנ! אונ וועגנ דער רעכטער פעדאל האָבנ מיר פארגעסנ? מע קענ דאָכ טאקע לאָזנ אפנ ערשטנ קאָנטאקט. נאָר אפריִער אָנדריקנ אפ דער רעכטער פעדאל. הא? ווי מיינט איר? אָט לאָמיר פרווונ.

**א יאט:** אווארע אזוי, אווארע אזוי!

**שטימענ:** עס קאָנ זײַנ, עפשער טאקע!

**צאלקע:** אָט זעט, ראז! איכ גיב א פיר דעם אײַנשליסער. ראז! איכ דריק אָנ די פעדאל. איצט לאָז איכ אפנ ערשטנ קאָנטאקט. אָט אזוי! (די יאטנ בלײַבנ בא דער מאָדעל. צאלקע לויפט אום איבערנ צימער. ער שפרינגט, טאנצט). איכ בינ זיכער אינ דעמ, איכ בינ זיכער אינ דעמ. אָט וועט אוועקגיינ אנ ארבעט. אונדזער זאוואָד איינער אינ ראיאָנ. פינפ טאָנ שרויפנ א טאָג. טאטעלעכ! (ער לויפט צו צו אלטערקעס בעטל). הא, אלטערקע, איכ בינ ניט גערעכט?

**אלטערקע:** אוהום...

**צאלקע:** אפריִער, זאָג איכ, די רעכטע פעדאל, דערנאָכ אפנ ערשטנ קאָנטאקט.

**אלטערקע:** אוהום...

**צאלקע:** קומ, אלטערקע, ווילסט פרוּוונ?

**אלטערקע:** הער, צעדרייטער, קײַקל זיכ אָפּ פונ מיר אפ אָנדערהאלבנ מעטער, וואָרעמ איכ גיב דיר באלד א דריק מיט דער רעכטער פעדאל, ועסטו מיר גלײַכ אָפּפליִען צומ צווייטנ קאָנטאקט! צוגעשטאנען! קאָנטאקט, קאָנטאקט! קאָנטאקט! אוי, מײַנ הארצ!

**רוּוועלע:** אז איכ זאָג אויכ דאָס זעלבע. אָנ אנ אינסטרוקטער וועט איר זיכ צו גאָרנישט דערשלאָגנ. כאָטש דריק אפ אלע פעדאלנ. קאלטע לאָקשנ. (צו אלטערקען). אלטערקע, גיב א פאפּיראָס (אלטערקע גיט אימ א פאפּיראָס. רוּוועלע כאפּט קונציק אונטער).

**צאלקע** (צו רוּוועלען): לײַגסט! לײַגסט! מירנ זיכ דערשלאָגנ! דו גייסט בא אלטערקענ אונטער די לייצעס, פערד! (ער לויפט צו צום גליִער). חאָס, יאטנ, כ׳בינ גערעכט?

**שטימענ:** עס קאָנ זײַנ, מע דארפ פרוּוונ.

**צאלקע:** איר ווייסט וואָס, איכ לויפ שוינ אינ נײַעמ צעכ פרוּוונ אפנ גליִער.

**רוּוועלע:** שפרינג, שפרינג. דער טאָק איז נאָכ ניט אײַנגעשלאָסנ.

**צאלקע:** כ׳ל אײַנשליסנ! (ער לויפט צו צום טיר, ער שלאָגט זיכ אָנ מיט גארבערנ זיי שפרינגענ רעכטס אונ לינקס).

**גארבער:** שטיי, ווּ פליסטו?

**צאלקע:** אינ צעכ. אינ נײַעמ צעכ. פרוּוונ אפנ גליִער. איכ האָב אנ אידייע.

**גארבער** (צאמט אימ דעמ וועג): זע, ווי ער האָט זיכ סס צעיאָגט, שטיי פאראנ נײַס, לויפ ניט.

**יאטנ:** נײַס? נײַס? דערציילל, גארבער, דערציילל.

**גארבער** (נאָכ א פּויזע): ס׳איז דאָ, יאטנ.

**שטימענ:** ווער איז דאָ? וואָס איז דאָ?



**גארבער:** מע האָט צוגעשיקט.

**שטימענ:** ווער? וועמענ? א וואָרט אָדער א באקצאָנ!

**גארבער:** פונ אָטדעל קאדרי.

**צאלקע:** אוי, אנ אינסטרוקטער! אוי, אנ אינסטרוקטער? עמעס, גארבער?!

**גארבער:** יאָ, יאטנ. (א געשריי, א טומל). הורא, אינסטרוקטער, הורא, הוידעט גארבערנ! (מע הוידעט אימ). פאראנ! פאראנ! פאראנ!

**צאלקע:** נו, איצטער, גארבער, דערציילל גענוי, ווּ, ווער? ווי זעט ער אויס, ווענ וועט ער קומענ? צי ניט די אצאָמעס.

**גארבער:** לאָזט אָפּכאפּנ דעמ אָטעמ. די גאנצע וועג געלאָפּנ.

**א יאט** (כאפּט א האנטעכ, פאָכעט אפ אימ, ווי אפ א באָקסיאָר): נו, דערציילל.

**גארבער:** איכ רייד אזוי מיטנ מײַסטער, מיטאמאָל א יאט אזא. נו, כ׳וואָלט זיכ קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט ער זאָל זײַנ אנ אינסטרוקטער. א פראָסטער אזא. א יונגער נאָכ. הײַנט גייט ער אָנגעטאָנ!.. איר וואָלט זענ, פראָלעטאריש. ווײַזט אויס, ניט קיינ אינטעליגענט. א פּאָשעטער.

**יאטנ:** נו?

**גארבער:** נו, האָב איכ דערזענ. זיכ דערפרייט, אונ געלאָפּנ אהער דערציילנ, אָט.

**א יאט:** דו ווייסט ניט, ער איז א קאָמיוגיסט?

**גארבער:** כ׳ווייס ניט.

**א יאט:** האָסט דענ בא אימ ניט געפרעגט?

**גארבער:** כ׳האָב נאָכ מיט אימ ניט גערעדט.

**צאלקע;** סאָ פונוואַנענ ווייסטו, אז ס׳איז אנ אינסטרוקטער?

**גארבער:** קאָפּ, איכ האָב דאָכ אליינ געהערט, ווי ער האָט גערעדט מיט פארפיאנענ.

**יאטנ:** וואָס האָבנ זיי גערעדט? דערציילל.

**גארבער:** כ׳האָב אליינ געהערט, ווי ער האָט געזאָגט, מיכ געשיקט אָטדעל קאדרי, לערנענ אפ עלעקטרישע מאשינעס. נו אפ די עלעקטרישע גליִערס. פארשטייט זיכ, א טעכניקער.

**צאלקע:** אַט אזוי האָט ער געזאָגט? מיט די אייגענע ווערטער?
**גארבער:** מיט די אייגענע ווערטער. פונקט אזוי. לערנען אפ די עלעק־טרישע מאשינעס, א טעכניקער.

**יאטנ:** אנ אינסטרוקטער! אנ אינסטרוקטער! (פריידיקע אופלעבונג).

**גארבער:** פארפיאנ האָט געזאָגט ער'ט אים שיקנ אהער, ער'ט מיסטאמע באלד קומענ. לאָמיר אים צוגרייטנ אנ אָרט.

**א יאט:** אונ איכ האָב נאָכ א פאָרשלאג. לאָמיר אים צוגרייטנ אנ אופ־נאם. נו, מיט איינ וואָרט, מוזיק.

**שטימענ:** גערעכט! דזשאז־באנד אהער! נעמט די אינסטרומענטנ! היי, די קויקע! די קויקע רוקט אָפ! ניינ, א הינ, צום פענצטער. לעבעדיק! לעבעדיק! אנ אינסטרוקטער!

(א טומל, א גערודער. אלע גרייטנ זיכ. זיי באמערקנ ניט, ווי עס קומט אריינ צעמאכ. ער גייט צו צו איינעם, צו א צווייטנ, אלע זיינעג פארטאָנ).

**צעמאכ:** דאָ איז עס מיסטאמע. (ער קוקט זיכ ארום, באמערקט די מאָרעל, גייט צו, באטראכט, באטאפט). מיסטאמע אנ עלעקטרישע, מע זעט גלייכ.

**גארבער** (באמערקט אים דער ערשטער. ער ווינקט צו די יאטנ. אפ א האלבנ קאָל): אוי, דאָס איז ער דאָכ.

**א יאט** (אפ א האלבנ קאָל): עכ, מיר האָבנ פארשפעטיקט.

(עס קומט פאָר א שטומע סצענע. דער אָנפירער פונ דזשאז־קלייבט צונויפ די יאטנ מיט די אינסטרומענטנ. זיי גיבנ א דור־נער א מארש. צעמאכקע דערשרעקט זיכ. ער שפרינגט איבערנ צימער, די יאטנ נאָכ אים. א טומל א געשריי „הורא הורא! הורא!“ מע הוידעט אים, מע שרייט: „דעמ אינסטרוקטער! דעמ אינסטרוק־טער!“).

**צעמאכקע** (דערשראָקנ): אוי, אוי, אוי! לאָזט אָפ! לאָזט אָפ! (מע לאָזט אים אָפ צו זיכ). סארא גאסטפריינטלעכקייט. זיכ אפ דעמ ניט גע־ריכט.

**גארבער:** נו, יאטנ, איצטער לאָמיר זיכ באקאָנענ מיטנ כאווער. מיכ רופט מענ גארבער, בריגאדיר פונ דער יוגנט־בריגאדע אינ שרויפנצעכ.



**צאלקע:** אונ מיכ—צאלקע. איכ בינ היינט סטאראָסטע. אלצ שוינ צו־געגרייט. אָנ איז פאר אייכ א קויקע.

**צעמאכקע** (צו זיכ): דימענטענע יאטנ, ווי איכ זע, וועט דאָ מיר זיינ גוט. סארא כאווערישע באציִונג. נאָר מיט אזעלכע ארבעטנ. זיי וועלנ מיר העלפנ.

**א יאט:** ווי רופט מענ דיכ, כאווער?

**צעמאכקע:** צעמאכ.

**א יאט:** א פראָסטער נאָמענ. איכ האָב האָלט אזא נאָמענ. אנ אייגענער יאט.

**גארבער:** אהא, וואָס האָב איכ אייכ געזאָגט?

**צאלקע:** שאט, יאטנ. איצטער קענענ מיר זיכ דאָכ דערווּיסנ וועגנ קאָנטאקט, צי בינ איכ גערעכט, אָדער ניט. לאָמיר וויַיזנ דעמ כאווער. (ער שלעפט צעמאכקענ צו דער מאָרעל).

**גארבער:** שטיי, שטיי, וואָס האָסטו קיינ צייט ניט. ווּעסט נאָכ צייט האָבנ באווייזנ. לאָז א מענטשנ אָפכאפנ דעמ אָטעמ.

**צעמאכקע:** באווייזנ? אפ דער מאשינ? אדעראבע, כאָטש שוינ. אכ, ווענ מע לאָזט עס מיכ אפ די עלעקטרישע מאשינעס.

**צאלקע:** וואָס דענ, כאווער, פארשטייט זיכ, אונ וואָס גיכער. מיר מוזנ זיי לאָזנ צום סראָק. דער נייער צעכ איז אונדזערער, א קאָמיוגי־שער. איר וועט אונדז טאקע העלפנ. נאָר מיט אייכ צוזאמענ וועלנ מיר באהערשנ די טעכניק.

**צעמאכקע:** אָ־אָ! אַט דאָס זאָג איכ דאָכ. דערהויפט די טעכניקע!!! אונ נאָכ עלעקטרישע מאשינעס. א פארגעניגנ. א קוועטש אינ דער קנאָפקע אונ עס גייט שוינ אליינ. א קוועטש אינ דער קנאָפקע אונ אוועקגעגאנגענ!!! אוועקגעגאנ!!!

**אלע:** אוועקגעגאנ! אוועקגעגאנ!!

**א יאט:** איר זייט א קאָמיוגיסט, כאווער?

**צעמאכקע:** ניינ, דערווייל נאָכ ניט. איכ רעכנ אפריִער אנ ארבעט טאָנ אפנ זאוואָד אונ דערנאָכ וועל איכ אריינ אינ קאָמסאָמאָל

**גארבער:** זייט שוינ זיכער. מיט אונדז וועט אייכ זיינ גוט. מירנ אר־בעטנ צוזאמענ.

צעמאכקע (צו זיך): דימענטענע יאטן. (צו די יאטן) נאָר צוזאמען. איך דאנק אײַך, כאווײרים, איך האָב טאקע אלע מאָל געטראכט ארײַנפאלן אפ א זאוואָד, ארבעטן אפ דער מעכאניזאציע! אפ דער טעכניקע!!! אפ עלעקטרישע מאשינעס! זײַן מיט אלעמען גלײַך!

גארבער (צו זיך): מע וועט אים דארפן ארײַנציִען אין קאָמיוג. אזעלכע יאטן דארפן מיר טאקע.

צאלקע: איז אָט, כאווער, איך וועל אײַך ווײַזן מײַן נײַע אידייע אפ דער מאָדעל, וועלן מיר זען, צי איז עס ריכטיק.

א יאט: אויב שוין יאָ ווײַזן, איז צו וואָס אפ דער מאָדעל. זאָל ער שוין אונדז בעסער ווײַזן אפ דער נײַער מאשין אין צעך.

צעמאכקע (צו זיך): שוין איינמאָל יאטן! בא זיי גייט עס איינס און צוויי. מע גייט מיך לערנען אפ עלעקטרישע מאשינעס. (צו די יאטן) קומט, קומט!

(מע כאפט אים פארן האנט. מע לויפט צום טיר מיט א געפילדער. רוועלע הייבט זיך אופהייבן פון בעטל לויפן מיט אלע יאטן, אלטערקע גיט אפ אים א שטרענגן קוק. רוועלע בלײַבט ליגן. אלע אפ).

אלטערקע (קערט זיך אום מיטן רוקן צום פובליקום): טפו.

פ אָ ר ה א נ ג.

## דריטע בילד

(אין צעך. טעלעכע יאטן פאָרען זיך ארום די נײַע גלייִערס. ס'קומען צעלויפן די יאטן מיט צעמאכקען. זיי שלעפן אים צום גלייִער, אלע שטעלן זיך ארום).

צאלקע: ערשטנס, אָט דער צילינדער און די בופטע פאסן ניט.

צעמאכקע: א צילינדער? א מופטע? וואָס האָט עס צו דער מאשין?

א יאט: און אָט דער קאָזשוכ איז אויך ניט פון דער מאשין?

גארבער: שאט, יאטן, ניט אלע מיט אמאָל, איינציקווײַז.

צעמאכקע: עמעס, עמעס, כאווײרים. אפן ערשטן מאָל וועל איך אלץ ניט פארגעדענקען, באווײַזט מיר איינציקווײַז.



גארבער: נעמט צו שטיקלעך פאפיר, פארצייכנט אלע פראגן.

(די יאטן נעמען, צעמאכקע נעמט אויך).

צעמאכקע (צו זיך): עס וועט שוין גיין א גאנג. נאָר עפעס מאָדנע נעמען. ט'געהערט א מאשינע זאָל האָבן מופטעס, צילינדערס, קאָזשוכעס. פונקט ווי באם טאטן דעם קירזשנער.

צאלקע: נו, איז אָט, כאווער, כ'ל אײַך פרעגן וועגן קאָנטאקט.

א יאט: ווארט, איכ'ל פרעגן.

צאלקע: שטערט ניט (צו צעמאכקען). נו, אפ וועלכן קאָנטאקט דארפן מיר לאָזן עס זאָל ניט איבערברענען דער שרויפ?

צעמאכקע: נו, נו, אפ וועלכן? אדערעבע.

צאלקע: איך מיין אפן ערשטן. נאָר אפריִער מוז מען אָנדריקן אפן רעכטן פעדאל. הא? ניט עמעס?

צעמאכקע: איך ווייס? איר מוזט דאָך וויסן.

צאלקע: דאָס איז דאָך דער אומגליק, וואָס איך צווייפל. איך ווייס ניט אפ גענוי. דאָס וויל איך טאקע איר זאָלט שוין באשטימען. מיר ספאָרען. איך זאָג אפן ערשטן און די איבעריקע זאָגן אפן צווייטן, נו, טאָ זאָגט איר.

צעמאכקע: הע, אזוי גיך, פונוואנען זאָל איך וויסן. לאָזט מיר זיך אפריִער צוקוקן. ניט מיטאמאָל.

גארבער: שטיי, איר האָט דאָך געלערנט?

צעמאכקע: געלערנט.

גארבער: ווו?

צעמאכקע: בא זיך אין שטעטל.

א יאט: הערסטו, אין די שטעטלעך זײַנען שוין פאראן טעכניקומען?

צעמאכקע: ניין, איך האָב זיך געלערנט באם טאטן.

אלע (פארוווּנדערט): באם טאטן?

גארבער: וואָס הייסט באם טאטן. ער איז דען אן אינזשעניער?

צעמאכקע (צו זיך): אָט האָסטו דיר. ניין, א פײַנער אינזשעניער. א קירזשנער איז ער. נו, האָב איך זיך געלערנט בא אים קירזשנע-

רײַ, נאָר כ'האָב עס געוואָרפן. מיר האָט זיך פאַרוואָלט בעסער אף מאשינעס. די טעכניקע!!!

**גאַרבער** (כאַפּט בא צעמאַכן דאָס פּאַפּירל. ער לייענט): אוי, א דונער, וואָס טוט זיך דאָ? טפו!

**יאַטן**: לייען, לייען, גאַרבער, גיכער! וואָס שטייסטו דאָרטן? (ס'קומט אָן פאַרפּיאַן).

**גאַרבער**: אוי, איך קען ניט. זאָל פאַרפּיאַן לייענען.

**פאַרפּיאַן**: וואָס איז? הא? (ער לייענט) אָטרעל טרורא. א שוואַרצאַר־בעטער. טפו, א פאַרדרייעניש. וואָס זשע האָסטו געפלוידערט? לערנען! אָט די עלעקטרישע מאשינעס. א טעכניקער. איר'ט געזען א טעכניקער?

**צעמאַכקע**: ניין, כ'האָב געזאָגט, איך וויל זיך לערנען אף עלעקטרישע מאשינעס! די טעכניקע!!!

**האַליק**: אן אינסטרוקטער! או, אן אומגליק! עס בײַסן די הענט.

**פאַרפּיאַן**: נו, נו, נו, געלאָסן. היצט זיך ניט. איך בין שולדיק. פאַר־דרייט, פאַרפּלאָנטערט. געהאַט א טאָעס, געזאָגט, היצט זיך ניט. געלאָסן, געלאָסן. עך!

**גאַרבער**: און איך האָב געמיינט אינדערעמעסן אן אינסטרוקטער. מירן לאָזן דעם צעך, מירן געבן נאָרמעס.

**צעמאַכקע**: אך, און איך האָב געמיינט אָט אן עמעס. מע'ט מיך שטעלן אף עלעקטרישע מאשינעס, מע'ט מיך לערנען טעכניקע!!!

**א יאַט**: אוי, א קאָמעדיע.

**א צווייטער**: א טראַגיקאָמעדיע.

**פאַרפּיאַן**: נו, ניטאָ וואָס אַראָפּצולאָזן די נעזער. מירן ניט וואַרטן אפן אינסטרוקטער.

**שטימען**: מירן ניט וואַרטן.

**צעמאַכקע**. און איך?

**פאַרפּיאַן** (קריפּט אים איבער): און איך? שטעל זיך צו דער אַרבעט. (צו א וועגלפירער) אָט וואָס, א פרישער. שטעל אים צום עקספּרעס. ווײַז אים ווי און וואָס. (פאַרפּיאַן אָפּ).



**וועגלפירער**: קום, כאַווער, צום עקספּרעס.

**צעמאַכקע**: אן עקספּרעס אף ליניעס? שווער זיך אויסצולערנען?

**וועגלפירער**: יאָ, מיט א גלײַכער ליניע גייט ער. פון סטאַנאָק אין סקלאַד אַרײַן... דזשי! אויסלערנען זיך איז ניט שווער. מע דאַרף נאָר אָפּטער שמירן די רעדער מיט טאַוואָט. און ווען זיי זאָלן ניט אַראָפּפאַלן.

**צעמאַכקע** (דערפרייט): זײַ שוין זיכער, בא מיר וועלן די רעדער ניט אַראָפּפאַלן. (דער וועגלפירער פירט אים צו צו א טאַטשקע).

**וועגלפירער**: אָט עקספּרעס נומער פיר. גייט ווי א רועך, דזשי!

**צעמאַכקע**: אוי, דאָס איז אן עקספּרעס? איך וויל ניט בא דער טאַטש־קע! איך וויל ניט! מע האָט מיך אָפּגענאַרט! אוי מע האָט מיך אָפּגע־נאַרט! איך וויל אף א מאשינע. (ער לויפט צו צום ראַמפּע. א צעטראָגענער הענגט ער אום דעם קליומעק אפן קריוק פון קראַן). צוליב דעם בין איך עס געלאָפן פון שטעטל, מיטן טאַטן צעריסן, געמיינט אף עלעקטרישע מאשינעס! די טעכניקע!!! א טאַטשקע גאָר! מע האָט מיך אָפּגענאַרט! ווו איז דער קלומעק? (דער קראַן שלעפּט אוועק זײַן קלומעק, צעמאַכקע שטרעקט אויס די הענט נאָכן קלומעק). אוי, ווו איז עס? אַקאָרשט געווען, אוי, אָן פליט עס! אוועקגעפלויגן! אוי, אוועק־געפלויגן! האַלט! האַלט!

פאָרהאַנג.

# צווייטער אקט

## ערשטע בילד

(אינ צוזאמענוווינונג. אלטערקע ליגט אפנ בעטל, רויכערט אונ זינגט):

חײַל דו ביסט א פיידעלע מיט אייגענע פּאַניאַטיעס
פאר דיר וועל איכ סטראדאיענע מײַנ חעלט, מײַנ וועלט,
איכ וועל דיר קויפנ אוירינגלעכ אונ אטלאסענע פּלאַטיעס
אונ בּאָדנ וועסטו זיכ בא מיר אינ געלט, אינ געלט.
טראָגנ וועסטו בּאָטיקלעכ, אינ האנט א טשעמאָדאנטשיקל,
אונ דײַנ מאנטאָ וועט זײַנ, פונ רייגעם זײַד, פונ זײַד,
נאָר וועסטו מיר זמעניאיענ מיט אנ אנדער יונגערמאנטשיקל,
איז זאָל זעצנ זיכ א מאקע דיר, אינ זײַט, אוי, אינ זײַט.

(עס קומט ארײַנ זײַנ מאמע).

**אלטערקע:** א גאסט! ברעכט דעם אויוונ.
**מאמע:** וואָלסט בעסער דעם קאָפּ געבראָכנ.
**אלטערקע:** שא, וואָס איז שוינ ווידער?
**מאמע:** גאזלענ, דאָ איז דאָכ נאָר דרײַסיק מעטער אונ איכ האָב דיר געגעבנ אפ פערציק פינפ.
**אלטערקע:** אינ פארטיילער איז מער ניט געווענ.
**מאמע:** אונ די געלט?
**אלטערקע:** די געלט?



**מאמע:** אוי, ווידער פארהוליעט. קרוינעלעכ, איכ קררראפיר!
**אלטערקע:** אוי, זי קראפירט שוינ ווידער.
**מאמע:** וואסער! וואסער!
**אלטערקע:** נא!
**מאמע** (זי טרינקט אויס די גלאָז): וואסער! וואסער!
**אלטערקע:** נא דיר דעם גראפינ. עפשער ארײַנטראָגנ א פלעשל קוואס?
**מאמע:** מויכל, אוי!
**אלטערקע:** בעסער?
**מאמע:** איכ מאטער זיכ, פאַר יעדנ טאָג פונ דאָרפּ פארדינענ א קערבל אונ ער טרענצלט. הײַנט א גאנצנ טאָג זיכ ארומגעשלעפּט מיט אכצנ פונטעלעכ פוטער. קוים פארקויפט. מער ווי אכט רובל א פונט גיט מענ ניט, כאָטש גיב זיי א קרענק. הײַנט וויפל זאָל איכ צאָלנ, אז דער פויער הייסט זיכ אויכ ארײַנלייגנ א צענערל פארנ פונט.
**אלטערקע:** דערצייל בעסער פונדערהיים.
**מאמע:** אז אָכ אונ וויי. קאטקע וויל זיכ ניט מעלקנ אונ די האָלאנדקע איז אויכ מיט א קעלבל, גיט זי קיינ מילכ ניט. פונ אָגאָראָד האָבנ מיר קוים אויסגעשלאָגנ נײַנ מייעס. אזא אָגאָראָד.
**אלטערקע:** דאָס מילכל האָט מענ אָפּגערעמאָנטירט?
**מאמע:** ווער וועט איר רעמאָנטירנ? דער ריק שארפּט שוינ ווידער אפ איר די ציינער. קנאפּ נאָכ, וואָס מיר צאָלנ זיי אזעלכע נאלאָגנ, ווילנ זיי אימ נאָכ אינגאנצנ צונעמענ. צונעמענ זאָל מענ זיי, זיי זאָגנ, אז מיר זײַנענ...
**אלטערקע** (מיטנ פויסט איבערנ טיש): זיי וועלנ ניט סמייענ! איכ בינ א ראבאָטשי.
**מאמע:** אָט דאָס טײַנע איכ דאָכ טאקע, דער טאטע האָט פארזאָגט, זאָלסט לעמאנאשעמ צושיקנ אנ איספראווקעלע פונ זאוואָד, אז דו ביסט א ראבאָטשי, אז ניט ברענענ מיר אָפּ מיט דעם מילכל.
**אלטערקע:** איינע? צענ וועל איכ קריגנ!

**מאמע:** נו אָס, זונעלע, איך לאָז דיר דאָס געלט פון דעם פוטער. קויפ אפ דעם בײַקע. אינ דאָרפ רײַסט מענ עס פון די הענט.

**אלטערקע:** גוט, לאָז איבער.

**מאמע** (גיט אים געלט, שרײַט): אוי, דוסט דאָך ווידער פארהוליענ קרוינעלעך, איך קראפיר!!!

**אלטערקע:** אוי, מאמע, קראפיר ניט. ניט איצטער. די יאטנ קומענ באלד אָנ (ער שפארט זי צום טיר).

**מאמע** (הינטערנ טיר): אנ איספראווקעלע פארגעס ניט, לעמאנאשעם, א ראבאָטשי.

**אלטערקע:** לאדנאָ, לאדנאָ, כ'ל צושיקנ.

(ס'קומט ארײַנ צעמאכקע א מידער, אנ אומצופרידענער. ער נעמט זיך קלײַבנ אונ פאקעווענ די זאכנ).

**צעמאכ:** עקספרעס! עקספרעס! דערשלאָגנ זיך.

**אלטערקע:** מיט וועמענ צעשלאָגנ זיך, מיטנ עקספרעס?

**צעמאכ:** בא דער טאטשקע, דערשלאָגנ זיך.

**אלטער:** אינסטרוקטער מײַנער ליפאָווער. אוי, כ'ווער געהארגעט (אלטערקע פארגייט זיך אינ א געלעכטער).

**צעמאכ:** דיר איז גוט, לאכסטו. דו ארבעסט אפ מאשינעס. איך האָב אלעמאָל געשטרעבט אפ מאשינעס עלעקטרישע. געלאָפנ פונ שטעטל, געוואָלט די טעכניקע. ניינ, כ'ל דאָ ניט בלײַבנ כ'ל אוועק.

**אלטערקע:** א, פונ שטעטל? געוואָלט די טעכניקע? אוי, די טעכניקע! (ער פארגייט זיך ווידער אינ א געלעכטער).

**צעמאכקע:** פארוואָס לאכסטו פונ מיר? (ער פאקעוועט די זאכנ).

**אלטערקע:** ניינ, ניינ, צעמאכקע, דאָס לאך איך אזוי, דאָס איז שוינ בא מיר אזא קרענק. איך קענ ערנסט ניט זײַנ. ערנסטקײַט, ברודער, לייגט מיך אינ דער ערד. אוי, מײַנ הארצ!

**צעמאכקע:** ביסט קראנק?

**אלטערקע:** (מיטנ פויסט איג ברוסט). אוואדע בינ איך קראנק. איך בינ געפערלעך. איך בינ א פסיכ!



**צעמאכקע:** וואָס איז דאָס א פסיכ?

**אלטערקע:** א פסיכ? דאָס איז אזא קראנקײַט. אז איך וויל, גיב איך יעדערנ אינ מאָרדע אונ קיינער האָט ניט קיינ רעכט מיר צו טאָנ דערפאר. כ'האָב א צעטל פונ דאָקטער.

**צעמאכקע** (רוקט זיך אָפ): ווילסט זיך שלאָגנ?

**אלטערקע:** ניינ, נארעלע, דיך וועל איך ניט טשעפענ. וואָס האָב איך צו דיר? פארקערט, איכ'ל דיר אלעמאָל זאשטשישטשאיענ פונ די יאטנ. דו גיב זיך זיי נאָר ניט אונטער, אניט וועלנ זיי דיך פארהויטשענ. האָב א קלאל, נאָר ניט געײַלט זיך. די נעשאָמע ארויסטרײַבנ וועסטו שטענדיק באווײַזנ: דערהויפט היט דאָס קאפעלע געזונט.

**צעמאכקע:** ניינ, איך בינ געזונט. כ'וויל ווערנ מיט אלעמענ צוגלײַך. איך וויל זיך אויסלערנענ אפ די מאשינעס, איך וויל ניט מע זאָל פונ מיר לאכנ... ניינ, איכ'ל אוועק, כ'ל דאָ ניט בלײַבנ. געריסנ מיטנ שטעטל, מיט אלצ, געמיינט...

**אלטערקע:** אָ, אָ, ביסט גערעכט, צעמאכקע, ווילסט ווערנ א מענטש, האלט זיך אָנ מיר, וועסטו ניט פארפאלנ ווערנ. אוועקגיינ גאָר, פערד! צו וואָס אוועקגיינ. איכ'ל דיך ניט לאָזנ אָבידיענ.

**צעמאכקע:** וועסט מיך לערנענ אפ די מאשינעס?

**אלטערקע:** כ'ל דיך לערנענ. זאָלסט מיך נאָר הערנ אונ שטענדיק אונטערהאלטנ, דעמלט וועט גיינ א גאנג.

**צעמאכקע:** אוי, טאָ גיב זשע א האנט! (זיי גיבנ זיך די הענט).

**אלטערקע:** האָסט שוינ הײַנט עפּעס געגעסנ? (שלעפּט ארויס פונ אונטערנ קישנ בראָנפנ מיט צובײַסנ. ער גיסט אָנ זיך אונ צעמאכקענ) אוי, מײַנ הארצ!

**צעמאכקע:** וואָס איז דאָס?

**אלטערקע:** דאָס איז נאָר צום אפעטיט אונ פארנ הארצנ איז דאָס אויך פאָלעזנע.

**צעמאכקע** (גיט א שמעק): אוי, ס'איז דאָך בראנפנ. ניינ, איך טרינק ניט קיינ בראנפנ. איך קענ דאָס אינ מויל גיט נעמענ. (ער רוקט זיך אָפ פונ טיש, אלטערקע רוקט זיך צו אים).

אלטערקע: טרינק, נארעלע, וועסט זיך אויסלערנען.
צעמאכקע: ניין, ניין, כ'וויל ניט! כ'וויל ניט!
אלטערקע: טרינק, פערד! כ'הייס!

(צעמאכקע פרווט נעמען, ער קווענקלט זיך, ער שטעלט אוועק צוריק דאָס גלעזל).

צעמאכקע: אז איך האָב דאָס פּיַינט. עס קערט מיר דערפון.
אלטערקע: טרינק! ראזדראזשאיע מיך ניט. נו, וואָרעם איך בין א פּסיכ!
צעמאכקע (פּרווט טרינקען, אים עקלט): אוי, אלטערקע, כ'האָב קיינמאָל ניט, אז איך קען דאָס ניט.
אלטערקע: עכ, איך קען ניט. איך קען ניט. קוק. אָט. ראז! (ער טרינקט אויס מיט איין זופּ) און פארטיק. א שמעק א שטיקל ברויט (ער שמעקט דעם ברויט), א ביס א שטיקל ציבעלע (עסט ציבעלע). אָ, איצטער וועט ניט שטינקען מיט בראנפן. אָ, נו?
צעמאכקע: הע, הע, הע. פלינקט מאכסטו דאָס, קונציק.
אלטערקע: ניט שווער. כ'ל דיך אויסלערנען, זע, אָט פארקוועטש די נאָז! (ער פארקוועטשט אים די נאָז, און גיסט אין אים אריַין א גלאָז בראנפן). מאזלטאָוו! גיכער, פארשמעק מיט א שטיקל ברויט. נא, גיכער, גיכער פארבייַס. א מאָלאָדיעצ! זעסט? און דו האָסט מוירע געהאט. ניט שרעקלעכ.
צעמאכקע: פוי, עס ברענט מיט סאקאָנעס.
אלטערקע: ס'איז נאָר באם ערשטן מאָל. איצט נא, פארטרינק, וועט ניט ברענען.
צעמאכקע: טאקע?
אלטערקע: ע, ביסטו נאָכ א גרינער. וואָס דען ס'טו געמיינט? ס'איז אזוי שרעקלעכ? פארקערט, ס'צעוואַרעמט די געבליטן. ס'ווערט עפּעס ליכטיקער (אלטערקע טרינקט אויס און גיט צעמאכן אויכ).
צעמאכקע: הע, הע-הע. עמעס טאקע, ס'ווערט עפּעס מאָדנע אזוי.
אלטערקע: וועסט זיַין א לייַט. מיט מיר, ברודער, וועסטו ניט פארפאלן ווערן.



צעמאכקע: אוי, אלטערקע, הער.
אלטערקע: וואָס, טייַערער?
צעמאכקע: פארוואָס זאָגן אלע, אז דו ביסט א סוואָלאָטש?
אלטערקע: פארשטייסט ניט, א גוטן מענטשן פארהויטשעט מען אַרמעטום. נאָר איכל ניט דערלאָזן, מע זאָל מיך פארהויטשען. זיי וועלן ניט סמייען. איך בין א ראבאָטשי! מייַן טאטע האָט אלעמאָל אין דאָרף געהאָרעוועט אין קרעמל, און איצטער נעמט מען בא אים צו דאָס מילכל. פארוואָס, פרעג איך בא דיר, נעמט מען צו בא אים דאָס מילכל, הא? און טאָמער וויל ער ניט אָפּגעבן, הא?! ניע סמיי, איך בין א ראבאָטשי! (פּאוזע).
צעמאכקע: ס'א ליגן!
אלטערקע (דראָענד): וואָס איז א ליגן?
צעמאכקע: ס'א ליגן. ס'איז מיר גאָרניט פריילעכ. אוי, ס'איז מיר שווער, איך בין מיד.
אלטערקע: און איך בין פריילעכ! (ער זינגט).

Что-ж ты Тонька, д‘задаешься
Своей поддельной д‘красотой,
Или, Тонька, ты не знаешь
Д‘кто  хозяин д‘над тобой.

צעמאכקע (שיקערלעכ): ניין, טאָנקע א גוטע מיידל. כ'האָב, כ'האָב...
אלטערקע: הע, הע הע! צעמאכ, ביסט מיט פּאָניאטיעס!
צעמאכקע: ס'איז מיר אומעטיק, אלטערקע, און...
אלטערקע: און מיר איז פריילעכ!
צעמאכקע: אכ, דאָרט אין שטעטל זינגט מען, הער:

טאמע-מאמע, פארבלייַבט געזונטערהייט דאָ.
איך מוז מיט אייַך זיך שיידן.
ווייַל ענג איז מיר אין שטעטל,
פּראָסטאָרנע איז אין שטאָט
און איך וועל גיין ארבעטן אהין אפן זאוואָד.

אלטערקע: אוי, איך וועל ניט גיין ארבעטן, אוי, מאָרגן אפן זאווּאָד.
צעמאכקע: ארבעט פעלט ניט בא אונדז אין לאנד אין פריַען,

פאר אלעמען וועט סטיַען.
איך וועל מיַן ברויט פארדינען
נאָר בא די מאשינען.

איך וועל א שלאָגלער זיַן און ארבעטן געשווינד.

אלטערקע (פּאָכעט מיטן פויסט, ווי א באָקסיאָר): איך וועל א שלאָגלער זיַן און ארבעטן געשווינד.

צעמאכקע:
אין בריגאדעס אין רוישיקע ווארשטאטן
וועל איך מיט אלע יאטן
זיך נעמען צו דער ארבעט,
זיך נעמען מיט א טאָלק,
איך וועל זיך צושליסן צום האָרעפּאשנעם פאָלק.

אלטערקע: און איכ׳ל זיך צושליסן צום האָרעפּאשנעם פאָלק.
צעמאכקע: וואָס זאָגסטו א ליד?
אלטערקע: וואָס איז דאָס פאר א ליד? ס׳איז ראָשטשינע! אָט הער.
(ער זינגט און טאנצט).

מאמע, נעם פארקויפ די גענדז.
דזשום, דזשארא, דזשו־רו-רו,
שיק מיר געלט אפ דאָס און יענץ
קו־קו, כא־כא!

(ער טאנצט, און פאלט א מידער אפן בעט).

צעמאכקע (גייט טאנצן, צוזינגענדיק):

האָפּ, שאָקל־מארשאלאָקל
ניט אין באָרוועס, ניט אין זאָקן,
נאָר אין פלינדער׳ן אין דינע.



אין א גרינער קרינאָלינע,
האָפּ, האָפּ, האָפּ, האָפּ!...

(עס קומען אריַן טאָנקע און האליק).

טאָנקע: אוי, צעמאכקע!?
אלטערקע: זיי זיַינען שוין דאָ. קום, צעמאכקע (ער נעמט צעמאכן פאלן האנט).
טאָנקע: אלטערקע! שטיי! (האליק צאמט אים דעם וועג).
אלטערקע: נו, נו!
צעמאכקע: ששש, טאָנקע שריַ ניט אפ אים. פאמעלעך, ער איז קראנק. טשעפע אים ניט, אפ דער פסיכ איז ער קראנק.
טאָנקע: יאָ, יאָ, ער איז קראנק. ער פוילט. (זי קוקט זיך אַיַן אין צעמאכקען) אָהאָ. ביסט דאָך שיקער, צעמאכקע.
צעמאכקע: ניין, איך? בין ניט שיקער, מער ניט הע הע! אזוי מאָדנע.
האליק (צו טאָנקען): אָט זעסט? ער האָט אים אָ געפויעט. אן אומגליק.
טאָנקע (צו אלטערקען): האָסט שוין געפאקט א גרינעם? זוכסט זיך אן אונטערהעלפער? ס׳וועט זיך דיר ניט איַינגעבן! גענוג פאר דיר רווועלע! (האליקווארפט זיך אפ אלטערקען. טאָנקע האלט אים אָפּ, זי ווינקט ער זאָל אוועקגיין).
האליק (צו אלטערקען): זע, היט זיך, אז ניט וועסטו שלעכט אָפּשניַידן. אן אומגליק. צעמאכקע, זע שוטעפ זיך ניט מיט אים. ס׳איז א זאראזע. (ער ווארפט זיך ווידער אפ אלטערקען. טאָנקע שטופט אים ארויס פון צימער).
טאָנקע: קום צעמאכקע,
אלטערקע (צו טאָנקען, שטרענג): וווהין קום, צעמאכקע. (ביידע ציִען אים פאר די הענט).
צעמאכקע: אוי. איך בין מיד.

(טאָנקע ציט אים אריבער אפ איר זיַיט).

אלטערקע: א... זיך שוין צונויפגעשמעקט. אָט פארוואָס דו דרייסט די נאָז מיטן קליינשטעטלדיקן יאָלד? לאדנאָ. האלט זיך מיט אים. וועסט כאראָטע האָבן. (אלטערקע אָפּ).

טאָנקע (צו צעמאכן): וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

צעמאכקע: פארוואָס בייזערסטו זיך אף אים. ער איז דאָך אזא גוטער יאט. ער האָט מיר צוגעזאָגט לערנען אף די מאשינעס. (ער רײַסט זיך פון איר). אלטערקע, וואַרט אופ! וואַרט!

טאָנקע: צעמאכקע, שטיי! וועסט מיט אים ווײַט ניט אוועק.

צעמאכ: איכל אוועק! אינגאנצן אוועק! (ער לויפט ארום איבערן צימער קלײַבט די זאכן). נא, אָט זײַנען דײַנע ביכלעך, און אָט די זשור־נאלן. נא, כ'דארף זיי ניט. (לויפט ארויס).

טאָנקע: שטיי, צעמאכקע! (צעמאכ קערט זיך אום) גייסט אוועק? (פּאַוזע). נא, האָסט פארגעסן דײַן „נאוקא אי טעכניקא".

צעמאכקע: אלציינס. (לויפט צום טיר. טאָנקע פארשטעלט אים דעם וועג).

טאָנקע: שטיי!

צעמאכ: לאָז!

טאָנקע: כ'הייס! (שטייען איינער אנטקעגן אנדערן צונעשטרענגט.) זעצ זיך.

(צעמאכקע לאָזט זיך אראָפּ א מידער אפן שטול. טאָנקע שלעפּט פון אים אראָפּ די טורקע, טוט אים אויס די היטל).

צעמאכקע: ס'איז מיר שווער, איך בין מיד.

טאָנקע: צעקריכעניש! זויער־מילך.

צעמאכקע: דערעסן, ס'פּלאצט די געדולד. כ'האָב זיך אנדערש פאָר־געשטעלט. און איצט? עקספּרעס. שווארצארבעט, שווארצארבעט, מע לאכט פון מיר.

טאָנקע: פארוואָס ביסטו ניט געקומ: אף די לימודים?

צעמאכקע: איך וועל מער ניט גיין אהין.

טאָנקע: פארוואָס?

צעמאכ: מיר פארדריסט.

טאָנקע: וואָס פארדריסט?

צעמאכקע: אלע קענען בעסער פון מיר. איך שלעפּ זיך נאָך. די אופגאבן ניט געמאכט. געפּרווט, ס'איז מיר שווער. כ'ל מער



ניט גיין אהין. אינדערהיים געמיינט כ'וויס אלץ, און איצטער? כ'ווייס דאָך גאָרניט, גאָרניט!

טאָנקע: נארעלע, וואָס דען האָסטו געמיינט, אזוי גיך? איינס, צוויי און מע לערנט זיך אויס? די טעכניק קען מען באהערשן נאָר סיסטעמאטיש, בא דער ארבעט, אף דער פּראקטיק און דערבײַ אין ביכער—טעאָריע.

צעמאכקע: הערסט, אָט דאָס מיין איך דאָך טאקע. אין ביכער און אף מאשינעס. און דאָ בא דער טאטשקע גאָר. כ'האָב געמיינט מעט מיר העלפן. כ'האָב אלעמאָל געשטרעבט...

טאָנקע: וואָס דען? אוודע וועט מען דיר העלפן, איך און די כאַ־ווירים וועלן דיר העלפן. מיר זײַנען קאָמיוגיסטן. אונדזער ער־שטע אופגאבע איז גרייטן קאדרען.

צעמאכקע: אָ, אָ, אָ! די קאדרען! דאָס וויל איך טאקע. טאָ פארוואָס ס'מען מיך געשטעלט בא דער טאטשקע?

טאָנקע (צו זיך): אָט א נאַיִווער. (צו צעמאכקען). ווי דען? אפריִער בא דער טאטשקע און דערנאָך פאר א העלפער און מיט דער צײַט וועט מען דיך צולאָזן צום סטאנאָק. ווי זאָגט אונדזער פארפיאנ: נאָר ניט געהיצט זיך! געלאסן! געלאסן! אָט אָרגאניזירן מיר אין קלוב א טעכנישן ווינקל מיט צייכענונגען און מיט מאָדעלן. די אינזשעניערן וועלן אונדז העלפן. אינגיכן וועט אָנקומען דער אינסטרוקטער.

צעמאכקע: אך, אן אינסטרוקטער! ווען איך וואָלט דאָס געוואָרן אן אינסטרוקטער!

טאָנקע: וויל נאָר, צעמאכקע! מירן דיר העלפן! מירן אלע צוזאמען באהערשן די טעכניק! מירן לאָזן דעם זאוואָד.

צעמאכקע: אך, מיר וועלן לאָזן דעם זאוואָד. וואַרט, וווּ איז עס דאָרטן, כ'האָב פארצייכנט (ער לייענט פון א פּאַפּיר):

א זאוואָד נאָך א זאוואָד

לאָזט איין גאנג זײַן גיכע ראָד.

היי, דאָנבאַס, סיביר, אוראל!
גיט מעטאל אונדז, גיט מעטאל!
די פעלדער קאָלווירטישע ווארטן
אַפ טראַקטערן שטאָלענע, האַרטע.
זייעלקעס, אַקערן פעלן.
שנעלער! שנעלער! שנעלער!
צעבלאָזט אין די דאָמנעס דאָס פייער.
דאָס לאַנד וואַרט אַפ נייע געבייען.
טרובעס און רעלסן עס פעלן.
שנעלער! שנעלער! שנעלער! אַך! (ער ווישט זיך דעם שווייס).

**טאָנקע:** אָהאָ, דו ביסט דאָך אַ גאַנצער פּאָעט!

**צעמאַכקע:** דו קענסט מיך נאָך ניט. ווייסט, טאָנקע? איך בין אַ גע־פערלעכער דערפינדער!

**טאָנקע** (לאַכט): אַ געפערלעכער היץ־קאָפּ ביסטו—אָט וואָס. נו, ס'מאַכט ניט אויס. ווערסט נאָך זיין אַ יאַט. וויל נאָר, ווערסטו אַלץ דער־גרייכן.

**צעמאַכקע:** אוי, טאָנקע, איך וועל אַרבעטן, אַז ס'וועט גיין אַ רויך.

**טאָנקע:** איך שטעל זיך פאָר, צעמאַכל, איך'ל דיר העלפן. מירן צוזאַמען.

**צעמאַכקע:** אַך, טאָנקע, ביזט אַזאַ! אוי, גיב אַ האַנט!

**טאָנקע:** נאַ!

פ אָ ר ה א נ ג.

## צווייטע בילד

(אַ צימער. אַ גרופּע יונגטלעכע אַרבעטער לערנען דעם טעכמינימום)

**אינזשעניער:** האָבן מיר זיך באַקאַנט מיט דער קאָנסטרוקציע פונעם נייעם עלעקטרע־גליער. מיט וואָס איז רענטאַבעלער צו עקס־פּלואַטירן אַן עלעקטרע־גליער אין קעגנזאַץ צו די אַלטע, אַלטע...

**האַליק:** די אַלטע שטינק־אייוועלעך.

(אַלגעמיינער געלעכטער).



**אינזשעניער:** איך בעט אויסמיידן ניט קיין פּאַסנדע ווערטער. די אַלטע נאַפט־אייוועלעך פאַרלירן שוין איצט זייער טעכנישע און פּראָדוציר־באַדייטונג... ערשטנס, די פּרימיטיווע, אומגעלומפּערטע קאָנסטרוקציע. די אָפטע פאַרמיסטיקונג פון די פּאָרסונקעס, די גיכע אַמאָרטיזאַציע פון די פייער־ציגל, אין רעזולטאַט בראַק און בראַק.

**האַליק:** מיינע ווערטער. זיי לייגן אונדז אין דער ערד. די פּאָרסונ־קעס הוסטן און ניסן. די פלאַנצעס לאָזן דורך דעם נאַפט. איך שרויף אונטער דאָ, שפּריצט דאָרטן. איך שרויף אונטער דאָרטן, שפּריצט אָנדאָרטן. אַן אומגליק.

**שטימען:** זיץ, זיץ, שטילער.

**אינזשעניער:** רויקער כאַווייריםמ. איצטער, ווער וועט מיר דערקלערן דעם פּאָזיטיוון אונטערשייד פון עלעקטרע־גליער קעגן נאַפט־גליער.

**צאַלקע:** איך, איך כאַווער אינזשעניער.

**אינזשעניער:** אייך ווייס איך. מיר וועט זאָגן דער כאַווער, כאַווער... ביילינע.

**ביילינע:** איך. (לויפט צו צו דער צייכענונג, שיסט אויס מיטאַמאָל). דער עלעקטרע־גליער פאַרגיכערט דעם אַרויסלאָז, פאַרמינערט דעם בראַק און גיט אונדז די מעגלעכקייט צו רעגולירן דעם גלי, און צווייטנס, ס'איז אַ מעכייע צו אַרבעטן.

**אינזשעניער:** זעצט זיך. איר, כאַווער, (ווייזט אַף האַליקן). וועט מיר ווייזן די גרונט־טיילן פון דער קאָנסטרוקציע.

**האַליק** (גייט צו לאַנגזאַם און שווער): מיך פרעגט איר? אָט.

**אינזשעניער:** ווו געפינט זיך דער הייב־שטאַנד?

**האַליק:** דאָס הענטל? אָט. (ווייזט מיט דער גאַנצער האַנט).

**אינזשעניער:** ניט הענטל, כאַווער, נאָר הייב־שטאַנג.

**האַליק:** נו, יאָ. דער הייב־שטאַנג? דאָס הענטל? (ווייזט מיט דער גאַנצער האַנט).

**אינזשעניער** (נעמט אַראָפּ האַליקס האַנט פון צייכענונג, גיט אים אַ שטעקל): ניט מיטן האַנט, כאַווער, מיטן ציינגער באַווייזט. אָט, צום בייַ־שפּיל, ווו געפינען זיך די פּאָליוסן?

האליק: אווו עס גליט זיך דער שרויפ? די עקן? אָט. (באווייַזט מיט דער האנט).
אינזשעניער: עקן? ניט עקן, כאווער. דאָס איז ניט קיין טעכנישער טערמין. פאָליוסן, פאָליוסן הייסט דאָס.
האליק: זאָג איך דאָך, די פאָליוסן, די עקן, אָט. פו! (ווישט דעם שווייס).
אינזשעניער: מיטן צייַגער, כאווער, אלע זאָלן זען. אייַער פאמיליע?
האליק: מיך רופט מען האליק.
אינזשעניער: זעצט זיך. (צו צעמאכקען) און איר, כאווער, ווייַזט מיר די גרונט־טיילן פון דער קאָנסטרוקציע לויט דער ריי.
(צעמאכקע קווענקלט זיך) אייַך, אייַך, מיין איך.
צעמאכקע (ניט דרייסט): די גרונט־טיילן? די גרונט־טיילן באשטייען, באשטייען...
אינזשעניער: דרייסטער.
צעמאכקע: דער גליַער באשטייט פון פאָלגנדע טיילן: קאָרפוס איינס.
אינזשעניער: יאָ.
צעמאכקע (גיכער): ראמע—צוויי.
אינזשעניער: יאָ, יאָ.
צעמאכקע: פעדאל נומער איינס. פעדאל נומער צוויי, ארבעט־העמדל דרייַ, נעסט פארן איזאָליאטער פיר, הייב־שטאנג פינף.
אינזשעניער: ריכטיק, ריכטיק. אייַער פאמיליע.
צעמאכ: הא?
אינזשעניער: אהא, זעצט זיך. (ווייַזט אף רוועלען). און איר וועט מיר ווייַזן די פאָליוסן און דערקלערן זייער ראָל אין דער קאָנסטרוקציע.
רוועלע (כוצפעדיק זיכער): די רעקאָנסטרוקציע. אהא, באלד, ווארט.
אינזשעניער: די פאָליוסן און זייער ראָל אין דער קאָנסטרוקציע.
רוועלע: יאָ, אָט די ראָל פון דער רעקאָנסטרוקציע פאר אונדז דעם קאָמסאָמאָל איז, אז מיר דארפן מיטן גרעסטן ענטוזיאזם אזוי, ווי דער כאווער סטאלין האָט געזאָגט, אז די ראָל פון דעם קאָמיוגישן ענטוזיאזם, אין דער צייַט פון דער רעקאָנסטרוקציע...



אינזשעניער: צו דער זאך, כאווער. דערקלערט איינפאך, אָן ענטוזיאזם.
רוועלע (פירט מיט דער האנט אף דער צייכענונג): די פאָליוסן, די פאָליוסן, אז די ראָל פון רעקאָנסטרוקציע איז, אז מיר דארפן מיטן גרעסטן ענטוזיאזם...
אינזשעניער: כאווער, איך האָב אייַך געבעטן אָן ענטוזיאזם.
רוועלע: די פאָליוסן, די פאָ... אָן ענטוזיאזם קאָן איך ניט.
אינזשעניער: זעצט זיך, יונגער ענטוזיאסט. (צו אלעמען) נו, כאווירים, די טעמע פון אונדזער קומענדיקן לימעד וועט זייַן די איזאָליאטערן־סיסטעם. איך וועל בעטן דעם בריגאדיר פון אונדזער טעכנישן סעמינאר...
גארבער: איך!
אינזשעניער: אף אייַער פאראנטוואָרטלעכקייַט, באקאָנט דערמיט די כאווירים.

(דער אינזשעניער גיט איבער גארבערן צייכענונגען. אָפ).

ביילינע (צו צעמאכן): מירן דיך אויסשליסן פון ביבליאָטעק.
צעמאכ: אוי, פאמעלעך.
ביילינע: אָנגעשלעפט זיבן ביכער און האלט.
צעמאכקע: א היץ אין פאראוואָז. ס'איז דאָך ניט קיין ראָמאנען און ניט קיין „נאוקא אי טעכניקא". מיט איין זופ זיי אייַנשלינגען?
ביילינע: ביסט ניט איינער. פאראן נאָך לייענער. דעם לעצטן מאָל.
צעמאכקע (צו גארבערן): גארבער, שוין דרייַ כאדאָשים. רעדט זיך דורך מיט פארפיאנען מען זאָל מיך שטעלן צום סטאנאָק. כ'וועס שוין ביז איין שרייַפעלע.
גארבער (מאכט נאָך פארפיאנען): נאָר ניט געהיצט זיך. געלאסן, געלאסן, לאדנע, מירן א קוק טאָן. (צו רוועלען) הו, פראָפעסער, ענטוזיאסט!
האליק: די רעקאָנסטרוקציע. (אלגעמיינער געלעכטער).
רוועלע: כ'קאָן בעסער פון אייַך.
צאלקע: די פאָליוסן, די ראָל פון דער רעקאָנסטרוקציע, ענטוזיאזם.

(אלגעמיינער געלעכטער).

**פארפיאַנ** (לויפט אריַינ צעטראָגנ): בראק אונ בראק (פאויזע).

**אלע**: בראק.

**האליק**: אנ אומגליק.

**רוועלע**: א, איר זעט, איכ האָב געזאָגט, אז אָנ אנ אינסטרוקטער וועט איר זיכ גאָרניט דערשלאָגנ, כאָטש דריק אפ אלע פעדאלנ, קאלטע לאָקשנ.

**האליק**: הער, אומגליק, וויש אָפ די נאָז, גיַיצ.

**אלטערקע**: וואָס פארהויטשעסטו אימ? ער איז דאָכ געערכט. אליינ איינגריזשענ, מירנ זיכ די ציינער צעברעקלענ. שוינ דער צווייטער פרווו. א ווייטעק צו קוקנ. אוי, מיַינ הארצ.

**פארפיאַנ**: וואָס איז שיַיַאָכ דיַינע ווייטעקנ, שטאמענ זיי פונ א קרענק, וועלכע הייסט פאניקע.

**האליק**: איַי, גוט, פארפיאַנ. לייג אימ אינ דער ערד, דעק אימ.

**פארפיאַנ**: איכ פארשטיי, א ניאנקע האָט זיכ דיר פארוואָלט. מע זאָל דיר די סאָסקע אינ מויל אריַינשטופנ. דו וועסט סמאָקטשענ אונ פונ פארגעניגנ לאָזנ ליכטלעכ פונ נאָז (געלעכטער). מירנ באהערשנ די מאשינעס. איַי, די ערשטע ציַיט בראק, איז דאָס א געוויינלעכע זאכ אָנ אנ אינסטרוקטער. נאָר אָנ פאניקע. געלאסנ! געלאסנ! אז מ׳דארפ, דערקליַיבנ מיר זיכ אליינ צו דעמ שריַיפעלע, מיט דער אייגענער סמעקאלקע, מירנ באהערשנ.

**שטימענ**: מירנ באהערשנ.

פ אָ ר ה א נ ג.

## דריטע בילד

(אינ צעכ איז קיינער ניטאָ. אפנ שטועל באוויַיזט זיכ דער וועכטער. ער פארצאמט עמעצנ דעמ וועג מיט צעשפרייטע הענט).

**וועכטער**: וואָס פאר א פארפיומע. ניטאָ בא אונדז קיינ פארפיומע. דאָ איז א טשוועקעס-זאוואָד.



(עס שפארט זיכ אריַינ א יונגערמאנ פונ א יאָר דריַיסיק. אויסלענדיש אָנגעטאָנ. מיט א טשעמאָדאנטשיק אינ האנט, מיט א פאפירל אינ דער צווייטער. ער וויַיזט דעמ פאפירל דעמ וועכטער).

**אומבאקאנטער**: פארפיומ! פארפיומ! היר! היר! היר!

**וועכטער**: היר, היר, היר! וואָס הירזשעסטו? אז מענ רעדט דאָכ מיט דיר, בא אונדז איז קיינ פארפיומע ניטאָ. כאָטש הירזשע א טאָג מיט א נאכט, וועסטו בא אונדז קיינ לויט ניט געפינענ. פארפיומע גאָר. שרויפנ, זעסטו, פאראנ, פלאשקעס—יאָ. וואָס קוקסטו, ווי א באראנ אפנ קלירואָס? מיסטאָמע א יאָלד, ניט געדאכט זאָל ער ווערנ.

**אומבאקאנטער**: סאקראמענט! סאקראמענט! פארפיומ, זאגע איכ, דער מיַיסטער.

**וועכטער**: א־א־א! הערסט, וואָס זשע שוויַיגסטו? דעמ מיַיסטער! פארפיאנושקע. אזוי וואָלסטו געזאָגט, אונ ער—היר, היר, היר, היר. פארפיומ. טפו, אנ אָנשיקעניש. ניט געדאכט זאָל ער ווערנ. (ער שריַיט) פארפיאַנ! פארפיאַנושקע!!!

**פארפיאַנ**: איכ בינ דאָ, איכ בינ דאָ, זיידעניו, וואָס קרייעסטו, ווי א האָנ?

**וועכטער**: אָט עפעס אנ אָנשיקעניש. ער פרעגט זיכ אפ דיר. א קיַיסנ, א שרעק. ניט ער רעדט, נאָר ער הירזשעט. מיסטאָמע א יאָלד, ניט געדאכט זאָל ער ווערנ (וועכטער אָפ).

**פארפיאַנ**: מיכ פרעגט איר? (צומ אומבאקאנטנ).

**אומבאקאנטער**: דעמ מיַיסטער, דעמ מיַיסטער.

**פארפיאַנ**: יאָ, יאָ, דאָס בינ איכ.

**אומבאקאנטער**: מיַיסטער פארפיומ?

**פארפיאַנ**: ניינ, פארפיאַנ.

**אומבאקאנטער**: נו, יאָ, נו יאָ, פארפיומ!

**פארפיאַנ**: מיילע, זאָל זיַינ פארפיומ. (צו זיכ) א דיַיטש.

**אומבאקאנטער:** אָטאָ העקער, אינסטרוקטער.
**פארפיאַנ:** אַנ אינסטרוקטער? צו דער צײַט! אײַ, צו דער צײַט! (ער כאפּט אים דריקנ די הענט).
**אינסטרוקטער:** יא, יא, יא, יא.
**פארפיאַנ:** אַכ, אונ מיר האָבנ עס געטאַפּט א וואנט. נאָר מיר האָבנ זיכ שוינ קימאַט ספראוועט.
**אינסטרוקטער:** יא, יא, יא, יא.
**פארפיאַנ:** אײנ צאָרע נאָר: דער בראַק ליגט אונדז אינ דער ערד. אַכ, זע. יאָ, וואָס זשע שטײ איכ? קומט, קומט, כאווער. אַכ, נײנ, וואַרט. (צו זיכ). נאָר קאַלטבלוטיק, ניט געהיצט זיכ, געלאַסנ, געלאַסנ, טאָמער ווידער א טאָעס, זיכ אויסלאָזנ א בוידעם. (צום אינסטרוקטער). איר האָט, פארשטײט זיכ, א צעטעלע פונ אָטדעל קאדרי?
**אינסטרוקטער:** וואס? וואס?
**פארפיאַנ** (צו זיכ): אַכ, ווי זאָגט מענ אים, נו, א פּאַפּירל, אַז איר, (טײַטלט מיטנ פינגער אים אינ ברוסט) אַז איר זײַט עס טאַקע דער אינסטרוקטער.
**אינסטרוקטער:** אַכ, זאָ, זאָ, פערשטאַנענ. ביטע, היר. (גיט אים א פּאַפּירל).
**פארפיאַנ** (לײענט אומגעדולדיק): יאָ, דאָס איז ער. דאָס מאָל אַנ עמעסער! ענדלעכ, ענדלעכ, (צום אינסטרוקטער). איצטער וועלנ מיר עס מיט דיר א רודער טאָנ, דערזשיס! מירנ לאָזנ די גליִערס. מירנ ענדיקנ דעם מאָנטאַזש.
**אינסטרוקטער:** יא, יא, דאס ווערדענ וויר שוינ מאַכענ.
**פארפיאַנ:** יאָ, יאָ, מירנ שוינ מאַכנ, אַז ס'וועט גײנ א רויכ!

(מיט א טומל, א געלעכטער קומענ די יאַטנ פונ מיטיק).

**פארפיאַנ** (צו די יאַטנ): קאָמסאָמאָל! פאראַנ גוטע נײַס! (אַלע באַפאַלנ אים).
**געשרײענ:** דערצײל, דערצײל, גיכער!
**פארפיאַנ:** אַנ אינסטרוקטער.
**אַלע:** ווער? ווענ? ווו?



**פארפיאַנ** (ווײַזט אפנ אינסטרוקטער): אָט, זײַט באַקאַנט. (אין א האַלבנ קשה). א דײַטש. (עס ווערט שטיל. אַלע באַטראַכטנ פאַררעכטיק דעם אינסטרוקטער).
**א יאַט:** מיסטאָמע ווידער א צעמאַכ.
**א צווײטער:** מיסטאָמע א קירזשנער.
**פארפיאַנ:** וואָס זשע, איר גלויבט מיר ניט? (צום אינסטרוקטער) זײַט באַקאַנט, כאווער, גוטע יאַטנ. עמעס, זײ האָבנ האָלט אַמאָל א בייזיע טאָנ. נאָר מע קענ מיט זײ לעבנ. קאָמסאָמאָל!
**א יאַט:** עפּעס גלויבט זיכ ניט.
**אינסטרוקטער:** גענאָסענ!
**א יאַט:** אוי, אויב גענאָסנ איז עס אַנ עמעס.
**אַלע:** הוראַ! הוראַ! אַנ אינסטרוקטער! אַנ אינסטרוקטער!
**פארפיאַנ** (שרײַט): קאַלטבלוטיק! ניט געהיצט זיכ, געלאַסנ, געלאַסנ! (ביסלעכווײַז באַרויִקט מענ זיכ).
**א יאַט:** ביסט א מײוונ אפ אים? אפנ דײַטש? האָסט געזענ, ווי ער שטעלט א פוס? אונ דער קאָסטיום?
**א צווײטער:** אָבער ווי וועלנ מיר זיכ צונויפרײדנ?
**צאַלקע:** האָב שוינ קײנ יעסורימ ניט. איכ וועל זײַנ דער איבערזעצער.
**א יאַט:** קענסט דענ דײַטש?
**צאַלקע:** א שײַלע, מײַנ זײדע איז געשטאָרבנ בא די דײַטשנ אינ פּלענ, זאָל איכ קײנ דײַטש ניט קענענ.
**א יאַט:** אויב אזוי, צאַלקע, פרעג אים ווי הײסט ער?
**צאַלקע:** כאווער אינסטרוקטער! ער, פײַוועלע, הײסט עס, פרעגט, ווי רופט מענ דיכ.
**אינסטרוקטער:** אָטאָ העקער.
**צאַלקע:** אָט א הײקער. ווו איז א הײקער.
**אינסטרוקטער:** מײַנ נאָמענ איז אָטאָ העקער.
**צאַלקע:** א, יאַטנ, איר פארשטײט? דער דײַטש, הײסט עס, זאָגט, אַז מע רופט אים אָטאָ העקער. אָטאָ איז זײַנ נאָמענ אונ העקער זײַנ טאַטנס נאָמענ.

**יאַטן:** און זײַנע פאַמיליע?

**צאַלקע:** עכ, נאַראָנים, בא די דײַטשן זײַנען דען דאָ פאַמיליעס?

**א יאַט:** פרעג אים פון װעלכער שטאָט איז ער.

**צאַלקע** (צום דײַטש): דער כאַװער פרעגט פון װעלכער שטאָט דו ביסט?

**אינסטרוקטער:** אכ, זאָ, זאָ אאוס האַמבורג.

**א יאַט:** א, האַמבורג! א גװאַלדאָװנע שטאָט! א קראַכ!

**א מײדל:** זע, פונװאַנען װײסטו, ביסט דען דאָרט געװען?

**יאַט:** װאָס דען? איכ װײס ניט האַמבורג? באַריקאַדן! גאַסן־קאַמפּ! גרױסע זאַװאָדן! דײַטשישער פּראָלעטאַריאַט! אין צײַטונג געלײענט!

**אינסטרוקטער:** אָ, יאַ, דאַס איסט װאַר. טאױזנט נײַן הונדערט דרײַ און צװאַנציק.

**א מײדל:** פרעג אים, װי לעבט זיכ דאָרט?

**צאַלקע:** זי, לײקע, הײסט עס, פרעגט װי איז דאָרט דער לעבן פאַרן אַרבעטער־קלאַס.

**אינסטרוקטער:** אָ, קײַנע אַרבײַט, דאָרט איז דאַס שלים.

**אַלע:** שלים? װאָס איז דאָס שלים?

**צאַלקע:** קעפּ! װאָס פאַרשטײט איר ניט. אפ דײַטש איז עס שלים און אפ יִידיש הײסט עס שלים, שלים, שלימאַזל. מע ליגט אין דער אַדאָמע. אָ!!!

**א יאַט:** פרעג אים, צי איז ער אָקאָרשט ניט קײן פאַשיסט.

**אינסטרוקטער:** אָ, נײַן, איכ בין קײַן פאַשיסט. דאַס איסט אײַנע פּױלע באַנדע. איכ בין ראָט־פראָנט.

**א יאַט:** צאַלקע, װאָס ט׳ער געזאָגט?

**צאַלקע:** ער זאָגט, אז די פאַשיסטן זײַנען באַנדיטן. ער לײגט זײ אין דער ערד; א בײזער יאָר אפ זײ. און ער איז אין רױטן פראָנט. אָ!!!

(אַלע אַפּלאָדירן. מע כאַפּט הױדען דעם דײַטש. געשרײען: „הוראַ! הוראַ! אן אײגענער יאַט. ראָט פראָנט! ראָט פראָנט!“).

פאָרהאַנג.



## פערטע בילד

(אַלטערקע שטײט בא דער װאַנטצײַטונג. עס גײט דורכ רװעלע).

**אַלטערקע:** מאַזלטאָװ, רװעלע!

**רװעלע:** מיט מאַזל זאָל זיכ דיר שלוקערצן. װאָס איז די סימכע?

**אַלטערקע:** מע האָט אונדז שוין װידער דורכגעשײַערט און נאָכ װי: מיט זאַמד.

**רװעלע:** װידער אין צײַטונג?

**אַלטערקע:** האָסט דען ניט געלײענט?

**רװעלע:** ניט באַמערקט.

**אַלטערקע:** און איכ, זעסטו, האָב שוין גראָד באַמערקט, װאָרעם ניט באַמערקן קען מען עס גאָרניט. אן אַרטיקעלע מיט א קאַריקאַטורעלע. און א לידעלע אין פיר שורעלעכ. נא, קװעל, לײען!

**רװעלע:** האָסט עס איבערגעשריבן פון צײַטונג? א באַלאָנעס!

**אַלטערקע:** איבערגעשריבן? אן איבעריקע זאַכ. כ׳האָב עס פון צײַטונג מיטן פלײש אַרױסגעריסן. קוק. (אַלטערקע לײענט). אָט א קעפּל: „דעם װורעדנעם עלעמענט לאָמיר געבן איבער די הענט. אין אונדזער טעכנישן קרײַז האָט זיכ פּאָיאַװעט א װורעדנער עלעמענט. דאָס איז דער כאַװער אַלטעו׳קע װײַנמאַן און זײַן אונטערהעלפער רװעלע קנײַפּער. זײ קומען אפן לימעד בױאַנעװען און מאַכן זיכ פאַר גאַנצע יאַטעבעדאַמען. דערהױפּט אַלטערקע. ער טשעפּעט זיכ צו יעדערן. דערהױפּט צום שװאַרצאַרבעטער צעמאַכקען. ער מאַכט פון אים כװיזעק“ און איצטער לײען דו. װעגן דיר איז אױכ פאַראַן.

**רװעלע** (לײענט): „זײַן אונטערהעלפער רװעלע קנײַפּער קריכט צו די מײדלעכ. ער װאַרפט זיכ צו זײ קושן און קנײַפּט זײ. עס װאָלט ניט שאָדן דעם װורעדנעם עלעמענט געבן איבער די הענט“. אונטערשריפט: „א קלאָרע אױג“.

**רוּוועלע:** סלאבאָ!

**אלטערקע:** סלאבאָ? נא! (ער גיט אים אינ מאָרדע).

**רוּוועלע:** אוי, אוי, וואָס בינ איכ שולדיק?

**אלטערקע:** ווער זשע איז שולדיק?

**רוּוועלע:** איכ מיינ, אז דער כודאָזשניק איז שולדיק.

**אלטערקע:** אונ איכ מיינ, אז דער טינטלער, די קלאָרע אויג.

**רוּוועלע:** דו ווייסט ניט ווער דאָס איז?

**אלטערקע:** איכ'ל נים וויסנ? די טעכניקע! צעמאכ די טעכניקע!

**רוּוועלע:** אָט דער צעדרייטער?

**אלטערקע:** אָהאָ, ווייסט ניט? טאָנקע האָט אים גענומענ אינ דער ארבעט. צווישנ זיי איז איצטער א קאָנטאקט. א סמיטשקע. קוצעניו מוצעניו. אונ פונ מיר דרייט זי די נאָז. זי הייסט אים אונ ער שרייבט.

**רוּוועלע:** מע דארפ אים אָפּשלאָגנ די שרייבעלקעס.

**אלטערקע:** אוי, רוּוועלע, ביסט דאָכ בא מיר א כאָכעם. (זיי נעמענ זיכ ארום).

**רוּוועלע** (מילד): אלטערל!

**אלטערקע** (מילד): רוּוועלע! (פאוזע).

**אלטערקע:** פארשטייסט, רוּוועלע, זיי ווילנ פונ אונדז פאָטער ווערנ, קעדיי פארנעמענ אונדזערע ערטער. נאָר איכ האָב אזא געדאנק, אז בעסער לאָמיר פונ זיי פאָטער ווערנ. הא?

**רוּוועלע:** גאָלדענע געדאנקענ, נאָר וויאזוי?

**אלטערקע:** כ'האָב א פלאנ. די ערשטע זאכ וועלנ מיר זיכ נעמענ צו צעמאכנ די טעכניקע. דו ווייסט דאָכ, א יאָלד איז ער, א פאטענטירטער. וועלנ מיר אימ נעמענ אפנ קרוטשאָק.

**רוּוועלע:** דעהיינע?

**אלטערקע:** מיט דער טעכניקע.

**רוּוועלע:** וואָס הייסט, איכ פארשטיי ניט.

**אלטערקע:** פייגעלע מיינע, ביסט דאָכ אנ עמעסער פערד!

**רוּוועלע:** נו, דאָס איז שוינ א גוזמע.



**אלטערקע:** א קלאָרע אויג? א בלויע אויג וועל איכ אימ מאכנ דעם טינטלער.

**רוּוועלע:** שא, אָט א לידעלע אויכ:

אינעם קרייז בא אונדז אינ נייעם  
האָבנ מייז זיכ שוינ פארפירט.  
רייסער, פוילער אונ הולטייענ  
לאָמיר אָנווייזנ די טיר.

נישקאָשע פונ א צינגעלע. מער ניט מע וואָלט אים באדארפט אביסל אונטערקירצנ.

**אלטערקע:** כ'האָב שוינ געטראכט וועגנ דעם.

**רוּוועלע:** נו. נו? אונ די קאריקאטור?

**אלטערקע:** אָט ליובויע זיכ. (ער באווייזט רוּוועלענ).

**רוּוועלע:** אזוי, אָט־אָ דאָס ביסטו? זע, ווי זיי האָבנ דיכ אָנגעמאָלט. אוי, סארא ניוּוזיק. פע, כאלאָשעס צו קוקנ. טאקע גאָר ווי אנ אבעזיאנ. אוי! אוי! איכ ווער געהארגעט! זע, סארא נעזועלע! א רויטער, ווי אנ אפעלסינ, מיט וויינפערלעכ, טפו!

**אלטערקע:** וואָס שפייסטו זיכ? אונ זיכ אליינ באמערקסטו נים.

**רוּוועלע:** זע, אָט דאָס בינ איכ? נים פאכאָזשע.

**אלטערקע:** אוואדע, עפעס א גנידע. א צעדרייטער. נאָר דער פארצעס איז ענלעכ אפ דיינס.

**רוּוועלע:** ס'הייבט זיכ נים אָנ. ערשטנס, ווו זיינענ עס בא מיר פערדישע אויערנ? אונ פריטשאָמ איז דאָ דער הינטישער עק? אָט א פארכ א כודאָזשניק!

**אלטערקע:** דער כודאָזשניק איז דאָ ניט שולדיק. שולדיק איז דיינ מאמע.

**רוּוועלע:** ביסט אליינ א פערד!

**אלטערקע:** אונ דו ביסט א ווערבליוד!

**רוּוועלע:** פונ א הונט הער איכ!

**אלטערקע:** פארמאכ דיינ בילער, וואָרעמ פארלירסט באלד בא מיר א פאָר באק־ציינער!

**אַלטערקע:** נו, טאָ הער. דו ווייסט דאָך, אַז ער האָט זיך נעבעך צעמישט אַף דער טעכניקע! ער רײַסט זיך, ווי אַ בלינדער פערד.

**רוּוועלע:** אינ טעכנישנ קרײַז שפּרינגט ער פונ די ערשטע.

**אַלטערקע:** צו אַלעמענ שטייט ער צו: באַווייז, באַווײַז. ער דראַפּעט זיך צו די גליִערס.

**רוּוועלע:** ער פאַרשרײַבט אונ לערנט אויס אַף אויסוויינניק יעדנ שרײַפעלע.

**אַלטערקע:** ער באַרימט זיך, אַז ער קענ דעם גליִער אַף אויסוויינניק.

**רוּוועלע:** איז בעכיינ?

**אַלטערקע:** באַ דיר איז אַ קאָפּ פונ אַ געטריקנטער וואָבלע. וואָס פאַרשטייסטו ניט? דו, רוּוועלע, דאַרפסט נעמענ צעמאַכנ די טעכניקע אַפנ פּאָנט. דעהײַנע, פאַרפיר מיט אים אַ שמועס וועגנ דער טעכניקע אונ דערווײַז אים, אַז ער איז נאָך דערווײַל אינ דעם אַ צוציקל. וועט ער זיך דאָך אָנהייבנ היצנ אונ וועלנ דער־ווײַזנ, אַז ער ווייסט אַלץ, וועסטו אים דעמאָלט...

**רוּוועלע:** געבנ אַ הארגע?

**אַלטערקע:** ביסט אַ קאָשערער פערד. וועסט אים דעמאָלט נעמענ אַף סלאַבאָ. וועסט זיך מיט אים רייצנ, וועסט זאָגנ, קאָנסט דאָך אַפילע צום גליִער ניט צוגיינ, האָסט דאָך מוירע פאַר אים. וועט ער דאָך גלײַך צולויפנ אונ ארײַנשטעקנ אַ שרײַפל אינ גליִער...

**רוּוועלע:** איז וואָס וועט דאַנ זײַנ?

**אַלטערקע:** וועט ער ערשט דאַנ כאַפּנ די ריכטיקע הארגע.

**רוּוועלע:** מיט אַ פלאַקנ איבער דער פּאָטיליצע?

**אַלטערקע:** גלאָמפּ! מיט אַ פלאַקנ! וואָס זײַנענ מיר היצפּעס? מירנ עס מאַכנ אינטעליגענטנע. מיט עלעקטריטשעסטווע!

**רוּוועלע:** מיט עלעקטריטשעסטווע?

**אַלטערקע:** נו, יאָ מיט עלעקטריטשעסטווע. איכ'ל אַפּריִער אומ־באַמערקט צונשעפּענ אַ דראָט צום אויבערשטנ פּאַליוס, וועט ער זיך צורירנ אונ כאַפּנ אַ זבענק מיטנ עלעקטרישנ טאָק אינ



האַנט, אַז סע וועלנ זיך אָנהייבנ באַ אים שיטנ פונקענ פונ עלנבויגנ.

**רוּוועלע:** אוי, אַלטערקע, ביסט דאָך אַנ אינזשעניער. אַ ווילנער גאָענ.

**אַלטערקע:** איז אָט, דאָס וועט אים שוינ זײַנ פאַר אַלץ. פאַר טאָנ־קענ אונ פאַר מיר, אונ פאַרנ אַרטיקל אינ צײַטונג, אונ פאַר דיר, מײַנ טײַערער רוּוועלע. (ער נעמט אים אַרום). איז באַשטימט. אָפּגערעדט?

**רוּוועלע:** אָפּגערעדט דאָראָגאַי (זיי גיבנ זיך די הענט).

פ אָ ר ה א נ ג.

## פינפטע בילד

(צעמאַכקע מיטנ אינסטרוקטער. דער אינסטרוקטער נעמט אַרויס זײַנע ספּעצקליידער פונ טשעמאָדאַנטשיק. צעמאַכקע גייט צו צו אים).

**צעמאַכקע:** כאַווער, כאַווער.

**העקער:** מײַנ פראַינד.

**צעמאַכקע** (צו זיך): אַ דימענטענער מענטש. דאָס זײַט איר דער אינסטרוקטער? מײַנ נאָמענ איז צעמאַכ.

**העקער:** צעמאַכ? צעמאַכ, גענאָסע צעמאַכ?

**צעמאַכקע:** ניינ, ניט נאָסנ צעמאַכ, נאָר צעמאַכ אַליינ. איר פאַרשטייט, איכ האָב געוואָלט מיט אײַך אַ רעד טאָנ וועגנ דער טעכניקע.

**העקער:** טעכניק?

**צעמאַכקע:** די טעכניקע, איר פאַרשטייט? כ'האָב אַלעמאָל געטראַכט, אַז מע דאַרף נאָר אַ קוועטש טאָנ אינ דער קנאָפּקע אונ עס גייט שוינ אַליינ אַוועק.

**העקער:** יאַ, יאַ, יאַ, יאַ.

**צעמאַכקע:** נאָר איצטער האָב איכ זיך אַרומגעזענ, אַז ס'הייבט זיך גאָר ניט אָנ, לוי מיט אַנ אַלעף.

**העקער:** יאַ, יאַ, יאַ, יאַ.

**צעמאַכקע:** אַ מאַמזערישער קאָפּ, פאַרשטייט יעדנ וואָרט. (ס'קומט אַרײַנ פּאַרפּיאַנ. ער באַהאַלט זיך, הערט זייער געשפּרעכ). איצטער האָב איכ זיך

ארומגעזוען, אז אפריִער דארף מען כאפן די קונצ חיִאזוי און פארוואָס מ'דארף זיך דערקלײַבן צום שרײַפעלע, צו דער טעכ־ניקע.

**העקער:** אָ, יא, אָ, יא, אָ, יא, די טעכניק.

**צעמאכקע:** עמעס, איך ארבעט דערווײַל אפן עקספרעס, נו, אפ דער טאטשקע, נאָר דעם גליִער קאָן איך שוין אפ אויסווייניק. אַך, ווען מע לאָזט עס מיך צו צום גליִער. אַך, יאָ, איז אָט האָב איך צו אײַך א באקאָשע, עפשער וואָלט איר מיך געמען איך זאָל אײַך אונטערהעלפן און איך וואָלט זיך דערווײַל צוקוקן ווי איר מאָנטאזשירט.

**העקער:** אַך זאָ, דעם מאָנטאזש? יא, יא, דאָס ווערדן וויר שאָן מא־כען. איינס, צוויי, גוד בײַ, פיקס און פערטיק.

**צעמאכקע:** יאָ, זאָגט איר? איך בין גערעכט?

**העקער:** יא, יא, יא, יא.

**צעמאכקע:** אוי, טאָ גיט זשע א האנט. איר פארשטייט, וואָרעם דער לאָזונג פון קאָמסאָמאָל.

**העקער:** ביסטו קאָמסאָמאָל?

**צעמאכקע:** ס'הייסט דערווײַל פיל איך אויס די נאגרוזקעס.

**העקער:** יא, יא, יא, יא.

**צעמאכקע:** אין אָזעס.

**העקער:** יא, יא.

**צעמאכקע:** אין „מאָפר"

**העקער:** אָ, מאָפר, היר, (ווײַזט אים א צייכן פון מאָפר) איך בין מיטגליד דער דויטשען מאָפר.

**צעמאכקע:** אויב אזוי, ביסטו דאָך אן אייגענער יאט! טאָ גיב זשע א האנט!

**העקער:** אפווידערזען, גענאָסע (וויל אוועק).

**צעמאכקע:** ווארט, ווארט און מײַן באקאָשע.

**העקער:** וואס? וואס?

**צעמאכקע:** כ'האָב אײַך געוואָלט בעטן, הייסט עס, עפשער וואָלט



איר א רעד געטאָן מיט פארפיאנושקען, מיטן מײַסטער, ער זאָל מיך לאָזן כ'זאָל אײַך העלפן, וואָלט איך דערווײַל געארבעט באם סטאנאָק. כ'וואָלט זיך צוגעקוקט צום מאָנטאזש. (געשריי: כ' העקער. כ' העקער. כ' אינסטרוקטער).

**העקער:** אַך, זאָ, זאָ, דעם מאָנטאזש, דאס ווערדען וויר שאָן מאכען. אמ ווידער זען גענאָסע.

**צעמאכקע:** אוי, דאכט זיך, אז ער האָט מיך אינגאנצן ניט פארשטא־נען. מ'וועט דארפן א צווייטן מאָל.

**פארפיאן** (גייט ארויס פון זײַן באהעלטעניש): גארבער! בריגאדיר! (גארבער לויפט צו). אָט וואָס: צעמאך גרינצווײַגן שטעלט צום גליִער.

**גארבער:** צעמאכן?

**פאראפיאן:** נו, יאָ. צעמאך גרינצווײַגן.

**גארבער:** צעמאכן, אוי.

**פארפיאן:** נאָר ניט געהיצט זיך. געלאסן. געלאסן. כ'ווייס, וואָס איך טו. א גוטער יאט. ער געפעלט מיר.

**גארבער:** אוי.

**פארפיאן:** עמעס, ער היצט זיך אביסל, נאָר ס'מאכט ניט אויס, איך וועל זיך מיט אים פארנעמען.

**גארבער:** אוי, פאראפיאנושקע, ביסטו א מאָלאָדיעץ. ס'האָב איך דאָך דיר די גאנצע צײַט געוואָלט זאָגן, נאָר געטראכט...

**פאראפיאן:** נו, גיי, גיי.

(אָפ. צעמאך קומט צולויפן).

**גארבער** (שרײַט): צעמאכקע! אָט וואָס, צעמאך. גיי שטעל זיך צום גליִער צום סטאנאָק!

**צעמאכקע:** אוי, גארבער, גארבערקע! (פאלט גארבערן אפן האלדז).

**גארבער:** נאָר ניט געהיצט זיך, געלאסן, געלאסן!

**צעמאכקע:** ס'האָט דער אינסטרוקטער געהייסן? ער האָט מיך פאר־שטאנען!

**גארבער:** איך הײס! שטעל זיך צום סטאנאָק.

צעמאכקע: אוי, גארבערקע, אָט איצטער זע איך, אז דו ביסט א יאט. אוי, גיב זשע א האנט!
גארבער: נו, גיי, גיי.
צעמאכקע: אָהאָ־האָ! אָ, אַ, אָ, אַ, אָ! (צעמאכקע לויפט מיט פרייד. ער שפרינגט)- פ אָ ר ה א נ ג.

## זעקסטע בילד

(אלטערקע און רוועלע באם גליִער).

אלטערקע: נו, איך בינד צו דעם דרעטל צום אויבערשטן פּאַליוס און די זע פינטל ניט מיט די אויערן. ער וועט באלד פארבײַגיין. נו, איך בין אוועק אין אובאָרנע רויכערן. איך בין ניטאָ. (אָפּ).

(עס קומט אָן צעמאכקע).

רוועלע: צעמאכל, זי האָט דיר געלאָזט געריסן.
צעמאכקע: ווער?
רוועלע: די טעכניקע.
צעמאכקע: לאך, לאך. מ'שטעלט מיך שוין צום סטאנאָק.
רוועלע: דיך צום סטאנאָק? ס'קאָן ניט זײַן.
צעמאכקע: פאקט. כ'קאָן שוין דעם גליִער אפּ אויסווייניק. אין טעכ־ קרײַז שטיי איך פון קיינעם ניט אָפּ, כ'האָב שוין גערעדט מיטן דײַטש, און ער האָט גערעדט...
רוועלע: מיטן דײַטש? שויטע! דאָס האָט ער דאָך פון דיר געלאכט. אים צום סטאנאָק! וועסט דאָך אים פאטערן. דו ווייסט דאָך ניט מיט וועלכער פוס מ'עסט דאָס.
צעמאכקע: כ'ווייס בעסער פון דיר.
רוועלע: האָסט דאָך אפילע מוירע צוצוגיין צו אים.
צעמאכקע: איך?
רוועלע: ניין, איך.
צעמאכקע: איך קאָן דיר אפּ יעדן גליִער באווײַזן.
רוועלע: אפּ א סטאנאָק, אדעראַבע.



צעמאכקע (גייט צו, חיל פרוונג. קווענקלט זיך. גייט אפּ צוריק): אייגנטלעך, פאר וועמען דארף איך זיך בארימען, פאר רוועלען? ביזט עס ניט ווערט.
רוועלע: אהא, סלאבאָ. עס ציטערט דער פּופּיק. עס שיט זיך זאמד. קאָנסט נאָר לופטערן די צונג—טעכניקע? טעכניקע! טעכניקע! אין דער טעכניקע ביסטו נאָך א צוציקל.
צעמאכקע: איך א צוציקל, זאָגסטו? אָט וועלן מיר זען. (שטעלט ארײַן א שרויפּ אין גליִער, נעמט ארויס, באווײַזט).
רוועלע (פארווונדערט): זע, טאקע. מאָדנע־ע־ע. צעמאכל, נארעלע, דאָס האָב איך דאָך געשפּאסט. נארעלע, וואָס, איך ווייס דען ניט, אז דו קאָנסט. (צעמאך אָפּ).
אלטערקע: האָסט אים ארויסגעלאָזט. האָסט פארפינטלט מיט די אויערן. אוי, גלאָמפּ!
רוועלע: זעסט דאָך, ער האָט שוין אָנגעהגיבן פיקן. אָבער ניט אראָפּ־ געשלונגען. דאָס האָסטו, מיסטאָמע, אזוי גוט אָנגעצויגן דעם חערעמל.
אלטערקע: זע, ווו איז דאָס דרעטל, גיווזיק. דאָס האָסטו זיך, מיס־ טאָמע, געפּאָרקעט, איז ארויסגעפאלן. אָט א פערד, ארויסגעלאָזן אים פון די הענט. (גיט אים א שלײַדער).
רוועלע: וואָס ווארפסטו זיך, ביסט אליינ שולדיק. האָסט שלעכט צוגעטשעפּעט.
אלטערקע: מיך לערן ניט. כ'האָב עס געמאכט טיפּ־טאָפּ. זע, (ער טשעפּעט צו, כאפּט א קלאפּ מיטן טאָק. מאכט א גוואלד) איַי, איַי, איַי, איַי, רוועלע, טשעפּע אָפּ!..
רוועלע: אוי, אוי, כ'האָב מוירע, כ'קאָן ניט.
אלטערקע: רוועלע, גיכער! ראטויטע!
רוועלע (כאפּט פאר די הענט אלטערקען. בלײַבט צוגעקלעפּט צו אלטערקעס הענט. ביידע טרייסלען זיך): ראטויטע! (עס ווערט פינצטער, טענטשן לויפן מיט פאנא־ ריקלעך).
פארפיאן: געלאסן, געלאסן. וואָס איז דאָ? וואָס איז דאָ?
העקער: איַין קורצשלוס, איַין קורצשלוס, וואס איסט ליוז! וואס איסט ליוז! (צעמאכקע ווארפט זיך צום פארטייל־ברעט, שליסט אויס דעם אײַנשליסער'

דער אינסטרוקטער פאטשט אימ פרײַנטלעכ אינ פלײצע). זאָ זאָ, דאס איסט ריכטיק. יונגע, יונגע! (ס'וועדט ליכטיק, צו אלטערקען). דומער קערל, גיי דאָכ וועק מענטש. זאָנסט שלאגסטו זיכ טאָד, דא גייט אלעס קאפוט. יונגע! יונגע!

**פארפיאנ:** וויִאזוי איז עס געשענ?

**רוועלע:** דאָס האָט... דאָס האָס...

**אלטערקע** (שטופט אָפּ רוועלענ, טרעט פאָרויס): דאָס האָב איכ, ע... געוואָלט, ע... אונטערשרויפנ דעמ אויבערשטנ פאָליוכ, ע... נו, האָב איכ געכאפט א פריטשמעל.

**פארפיאנ:** ווי? בא א פארמאכטנ אײַנשליסער? געקראָכנ צומ גליִער מיטנ שליסל? געוואָלט אונטערשרויפנ בא א פארמאכטנ אײַנשליסער? ווילסט אונדז אָנמאכנ אנ אוואריע? ווילסט אונדז פאטערנ די אוטאָמאטנ? אימפּאָרט! זיי קאָסטנ אונדז!..

**האליק:** אנ אומגליק.

**אלטערקע:** איכ, איכ...

**פארפיאנ:** דו, דו. דעמ טעכנישנ קרײַז באזוכסטו ניט. טאפּסט ווי א בלינדער. טרעט אָפּ. אוועק פונ גליִער. דײַנ אָרט איז בא דער טאטשקע! צעמאכקע! אָט וואָס, אלטערקע, גיב אימ אָפּ די קליעשטש. (צעמאכקע גייט צו צו אלטערנ. אלטער גיט איבער די קליעשטש צעמאכנ, לאנגזאמ).

**פארפיאנ:** צעמאכקע, דו שטעלסט זיכ צומ סטאנאָק. (צעמאכקע גייט צו צומ גליִער. אלטערקע גייט אָפּ לאנגזאמ).

פ אָ ר ה א נ ג.

## זיבעטע בילד

(באנאכט אינ צוזאמענוווינונג. אלע שלאָפנ. צעמאכקע זיצט אליינ, שרײַבט א בריוו):

„אונ דריטנס, מײַנע ליבע עלטערנ, קאָנ איכ אײַכ שרײַבנ, אז מיר איז איצטער אסאכ בעסער. כ'האָב זיכ שוינ צוגעוווינט. אלטערקע, וועגנ וועלכנ כ'האָב אײַכ געשריבנ, האָט טאקע געכאפּט די מאפּאָלע.



מענ האָט אימ אראָפּגענומענ פונ סטאנאָק, אונ מיכ טאקע אוועקגעשטעלט אָפּ זײַנ אָרט. דאָס, וואָס איר פרעגט מיכ, צי פּסיכע איז א זאראזנע קרענק, איז זײַט רויִק, ס'איז ניט זאראזנע. זי גיט זיכ איבער נאָר דורכ יערושע. בא אונדז אפנ זאוואָד האָט מענ געמאכט א שקאָלע מיטנ נאָמענ סעמינאר. מ'קענ פונ דאָרט ארויס אנ אינזשעניער, איכ לערנ זיכ דאָרט אלע אָוונט. כ'האָב אפנ זאוואָד אסאכ גוטע כאווײרימ, דערהויפּט איינע א מיידל טאָנקע. (נײנ, דאָס דארפ מענ אויסמעקנ). דערהויפּט איינעמ א דײַטש, וועלכנ מע רופט הייקער. דאָס איז אזא פאמיליע. מיר ארבעטנ איצטער זייער אסאכ. דעמ זאוואָד געלאָזנ.

מײַנע טײַערע עלטערנ, איר וועט מיכ שוינ איצט ניט דערקאָנענ. איכ וועל אינגיכנ קומענ אינ שטעטל אָפּ אורלויב. וואָס הערט זיכ עפּעס בא אײַכ? צי איז נאָכ דאָרטנ בא אײַכ אלצ, ווי געוועג? איכ טראכט אלצ, אז איכ וועל אָפּארבעטנ עטלעכע יאָר אינ שטאָט אונ וועל ענדיקנ די סעמינאר. אכ, איכ וואָלט עס אינ שטעטל אסאכ זאכנ געמאכט. איכ בענק אָפּט אזוי נאָכנ שטעטל. ווענ איכ וואָלט געענדיקט, וואָלט איכ, איכ...

(ווערט אנשלאָפנ, אימ כאָלעמט זיכ דאָס שטעטל. עס ווערט פינצטער. עס שווימט ארויס א בילד. צעמאכקע אפנ פּאָנ פונ שטעטל אינ א קרײַז פונ שטעטלשע יידנ, ווײַבער, קינדער, יוגנט. צעמאכקע איז אָנגעטאָנ ווי א אינזשעניער — ער דרייט א טעאָדאָליט, קוקט ארײַנ, פארשרײַבט אינ א פּאפּירל).

**צעמאכקע** (צו א מיידל): אונ דו, כאנעלע, וועסט זײַנ מײַנ פּאָמאָטשניק. ווילסט?

**כאנעלע:** יאָ, צעמאכל. (זי לאָזט זיכ לויפנ).

**צעמאכקע:** ווהינ זשע לויפסטו?

**כאנעלע:** אָנטאָנ מײַנ בלויע בלוזקע. ווילסט דאָכ מיכ, מיסטאָמע, פאָטאָגראפירנ.

**צעמאכקע:** נארעלע, דאָס איז דאָכ ניט קיינ פאָטאָ־מאשינע. ס'איז דאָכ מײַנ אינזשעניערישער אינסטרומענט. מײַנ ערד־מעסטער. ב'קאָנ מיט אימ די גאנצע ערד אויסמעסטנ.

**אַלע:** די גאַנצע ערד?

**א ייִדענע:** אָ, איר זעט, צעמאַך, שאַ דעם קירזשנערס, א גאַנצער אינזשעניער, אַן עמעסער.

**א צווייטע:** נאַכעס פון קינדער. מע זאָגט, ער וועט דאָ בויען פאַבריקעס.

**א ייִדענע:** ניט קיין פאַבריקעס, טראַקטערס, טראַקטערס ט׳ער דאָ מאַכן.

**א צווייטע:** זעסט, מיט סטרומענטן. א פאָלנער אינזשעניער.

**אַלע:** אָ, וואַ!!

**צעמאַכקע** (נעמט ארויס און באַווײַזט אַלעמען א פּלאַן): אָט איר זעט, באַם האָמלער טראַקט וועלן מיר בויען דעם מאַשינ־טראַקטערנעם גיגאַנט מיט עלעקטרישע קאָנווייערס. פינפהונדערט א טאָג. טויזנט א טאָג. עס וועלן פליִען טראַקטערן, ווי פון קאַטאַפּולקן! קאַטאַפּולקן!

**א ייִדענע:** קאַלטע פּאָקן? א ווייטעק איז מיר, צעמאַכל, כאַווער אינזשעניער. וואָס פאַר א קאַלטע פּאָקן?

**צעמאַכקע:** ניט קיין קאַלטע פּאָקן. קאַטאַפּולקן, זאָג איך. קאַטאַפּולקן אין „נאַוקאַ אי טעכניקאַ" נומער זיבן. כאַנעלע, גיב איר דעם זשורנאַל. אָט! און דאָ, ליִנקס, אַן עלעקטרישע סטאַנציע מיט איבערקרעפּטיקע טורבינעס! טורבינעס!

**אַלע:** מיט טורבינעס!

**צעמאַכקע:** עקסקאַוואַטערס וועלן גראָבן. בעטאָן־מישערס אַף עלעקטרע. ציגל וועלן פליִען מיטן קאָנווייער. טעמפּן, גרויסע טעמפּן!

(עס קומט אָן צעמאַכקעס טאַטע).

**אַלע:** זײַן טאַטע גייט! זײַן טאַטע גייט!

**טאַטע:** זע, צעמאַך טאַקע! אַן אינזשעניער! א גוטער מאָרגן, זונעלע.

**א ייִדענע:** נאַכעס פון קינדער.

(צעמאַכקע באַמערקט ניט דעם טאַטן).

**צעמאַכקע:** און דאָ דערבײַ וועלן מיר בויען א גרויסע פאַבריק. א נײַע פאַבריק מיט א קירזשנער־צעך דערבײַ, און אַלץ אַף עלעקטרע, פון קאָנווייער וועלן פליִען קאַרטוזן! קאַרטוזן, ווי די קראָען!



**טאַטע:** א גוטער מאָרגן, זונעלע!

**צעמאַכקע:** אַך, טאַטע, וואָס מאַכסטו.

**טאַטע:** כ׳ווײַ, מע קוסטאַרעוועט נאָך אַלץ.

**צעמאַכקע:** טאַטע, וועסט אַרײַן מיט דײַן מאַשין אַרבעטן אַף אונדזער פאַבריק?

**טאַטע:** אַוועקגעבן די מאַשין? מײַן מאַשין? כ׳האָב דאָך זינגערן פאַר איר מיט בלוט אויסגעצאָלט. גראָשן אין גראָשן. הײַנט, ווי זשע קען איך זי אָפּגעבן.

**צעמאַכקע** (צו אַלעמען): איר הערט, כאַווײרים, ער קווענקלט נאָך. איין קוסטאַר קעגן אונדזער פאַבריק, קעגן סאָציִאַליזם, די היסטאָריִע פאַרורטיילט אים.

**אַלע:** פאַרורטיילט!

**טאַטע:** פאַרורטיילט? עפּשער טאַקע? מע דאַרף א טראַכט טאָן?

**צעמאַכקע:** נו, טאַטע, טאָ גיי באַטראַכט זיך.

(טאַטע אָפּ. ער גייט און איז זיך מעיאַשעװ אַף א האַמלעטישן אויפן).

**א ייִדענע:** כאַווער אַנזשענער, מײַן הײַזקע קרימט זיך, קריכט אין דער ערד. באַלד אײַנפאַלן. עפּשער א רעמאָנט? כאַווער אַנזשענער!

**צעמאַכקע:** קיינע רעמאָנטן ניט. נײַע, נײַע! א שטאָט—א גאָרטן! עלעקטריפיקאַציע! ראַדיִאָפיקאַציע! מיט א פאַבריקע־קוכניע! מיט מאָראָזשענע! און א קלוב. א גרויסער קלוב! סאָציִאַליזם. איר ווילט סאָציִאַליזם?

**שטימען:** דער באַלעגאָלע גייט, דער באַלעגאָלע גייט! מוישע די יאַזדע!

(אַלע קערן זיך אום צום באַלעגאָלע).

**באַלעגאָלע:** כאַווער אַנזשענער! כאַווער אַנזשענער! דאָס גאַנצע שטעטל איבערגעטרייסלט, זוכנדיק אײַך, קאַם געפונען. איר הערט, איך האָב זיך באַטראַכט. ברענגען זײַ אַפּן פײַער.

**אלע:** ווער? חער?

**באלעגאָלע:** ווער? די פאסאזשירן מיט דער בויד. כ'האָב באטראכט. צוויי קארבן א יאזדע וועט איר געבן? פיר איך אײַך ציגל. א קלאָ־רער כעזשבן: א יאזדע אהינ און א יאזדע צוריק האָבן מיר צוויי יאזדעס און נאָכאמאָל א יאזדע אהינ און א יאזדע צוריק, האָבן מיר ווידער צוויי יאזדעס, פיר יאזדעס צו צוויי קארבן א יאזדע האָבן מיר אכט קארבן. א דרײַער שיט איך אָפ דער שקאפע אינ בויך אפ האָבער. בלײַבט מיר א ריינער פינפערל, נו, ס'גייט א יאזדע?

**שטימען:** א יאזדע אהער! א יאזדע אהינ! א יאזדע! האָ! האָ! האָ! האָ!

**באלעגאָלע:** וואָס הירזשעט איר? אָט מענדל דיליזשאנס וויל אויך פירן ציגל. נו. כאווער אנזשענער, עס גייט א יאזדע?

**צעמאכקע:** פירט! פירט! פירט!

**באלעגאָלע:** נאָ! אוועק א יאזדע! (באלעגאלע אָפ).

**א ייִד:** און וואָס זאָל איך טאָן, הא? מיט וואָס זיך פארנעמען? איך האנדל. אָט, מיט כאלעלעך (ער באווײַזט די כאלעלעך).

**צעמאכקע** (באטראכט די כאלעלעך): כאלעלעך? דײַנע כאלעלעך זײַנען דאָך טובערקוליאָזע.

(אלע באטראכטן די כאלעלעך).

**שטימען:** זעט, טאקע טובערקוליאָזע.

**צעמאכקע:** חארפ! ווארפ די כאלעלעך! גיי ארבעטן אפ דער סטרויקע! אָנ דאָרט וועט מען פארלייגן א זאוואָד! א ברויט־גיגאנט. מיט עלעקטרע! שיט מעל און גיס וואסער! און עס וועלן פליִען ברויטן! ברויטן! ווי די ציגל!

**אלע:** חי די ציגל!

(עס קומט אָנ צעמאכקעס טאטע. ער פירט א ניימאשינ).

**טאטע:** נא, צעמאכ, כ'האָב זיך באטראכט. נא דיר די מאשינ. גיב אָפ אינ זאוואָד. כ'חיל ניט אליינ, חי א וואָלפ. כ'וויל אינ פאבריק. א ראבאָטשע.



**צעמאכקע:** אוי! טאטע! טאָ גיב זשע א האנט!

**שטימען:** א דעלעגאציע! א דעלעגאציע!

(עס קומען אָנ פינפ־זעקס ייִדן, זיי פירן דעם ראָוו אונטער די הענט).

**שטימען:** די לישענצעס גייען! די לישענצעס גייען! א דעלעגאציע!

**א דעלעגאט** (צו צעמאכן): מיר, הייסט עס, די לעשאָנע גאָלאָסעס זײַנען געקומען צו אײַך מיט א וואָפראָס.

**א ל ע:** מיט א וואָפראָס! מיט א וואָפראָס!

**דעלעגאט:** הייסט עס, אזוי ווי מיר האָבן זיך דערוווסט, אז די וולאסט הייסט עס, מאכט דאָ א סטרויקע, איז זײַנען מיר געקומען, הייסט עס, פרעגן, צי מע וועט אונדז, די לישענצעס, אויך געבן ארבעט.

**צעמאכקע:** ארבעטן איז קיינעם ניט פארווערט.

**דעלעגאט** (צום ראָוו): איר הערט, רעבע, מע זאפרעשטשאיעט ניט, מע זאפרעשטשאיעט ניט.

**ראָוו:** נו, נו. אז מע זאפרעשטשאיעט ניט, איז מוכשער! מוכשער! און ווידער גערעדט, ליבינקע ייִדעלעך, אײַ, אונדזער שלוימע האמע־לעך איז דאָך געווען דער גרויסער... כאָכעם. אײַ, און וואָס האָט ער געזאָגט? אײַ, אָט דאָס האָט ער געזאָגט. איינ קאָל כאָדאָש טאכאס האשעמעש, ניטאָ קיינ נײַס אפ דער וועלט. אײַ, וואָס געווען איז געוועזן. און וואָס געוועזן וועט זײַן—א סטרויקע. אײַ מע האָט שוינ געפרווווט אמאָל בויען א טורעם אינ באָוועל, איז דאָך אָבער פאראנ א גרויסער גאָט, איז וואָס האָט ער געטאָן. אײַ, אָט דאָס האָט ער געטאָן. ער האָט צעמישט זייערע לעשוינעס. איז געוואָרן א מישענינע. איינער פארשטייט ניט דעם אנדערן. האָט מען זיך צעשלאָגן מיט די ציגל איבער די קעפ, איז געוואָרן אויס סטרוי־קע, איז געוואָרן אויס סטרויקע! אײַ, ליבינקע ייִדעלעך...

**צעמאכקע:** זע, דאָס איז דאָך אָפיִום!

**א ל ע:** עמעס טאקע, אָפיִום!

**צעמאכקע:** רעבע, אראָפ פונ דאכ!!!

**אלע:** אראָפּ פונ דאכ! אָפּיִום! אָפּיִום!

**צעמאכקע.** נו, כאווײרים, פארציט דעם שנור. מיר שטעלנ זיכ גראָבנ דעם פונדאמענט.

**א שטימע:** אונ די לישענצעס?

**צעמאכקע:** די לעשענצעס? גיט זײ קירקעס! גיט זײ לאָפּעטעס! זאָלנ זײ גראָבנ. נאָר גיט אפ זײ אכטונג. זײ קענענ נאָכ אונטערגראָבנ!

**אלע.** זײ קענענ נאָכ אונטערגראָבנ! (א טומל, אלע נעמענ זיכ ארבעטנ).

**צעמאכקע:** כאנעלע, װו ביסטו?

**כאנעלע:** כ'הײס שוינ ניט מער כאנקע. כ'הײס שוינ איצט טאָנקע!

**צעמאכקע!** אכ, יאָ, עמעס טאקע. איצטער רופט מענ דיכ דאָכ טאָנקע. אָט װאָס, טאָנקע, די ליד. װו איז מײַנ ליד, די פּאָעזיע.

**טאָנקע:** אכ, דײַנ פּאָעזיע, צעמאכל, אָט איז דאָס. (זי דערלאנגט אים א פּאַפּירל).

(אלע ארבעטנ ריטמיש מיט די לאָפּעטעס. צעמאכקע הוסט זיכ אָפּ, גלײַכט זיכ אויס, מאכט אנ אָנשטעל לײענט):

א זאװאָד נאָכ א זאװאָד
לאָזט אינגאנג זײַנ גיכע ראָד.
הײ, דאָנבאס! סיביר! אוראל!
גיט מעטאל אונדז! גיט מעטאל!
די קאָלװירטישע פעלדער, זײ װארטנ
אפ טראקטערנ שטאָלענע, הארטע
זײעלקעס, אקערנ פעלנ.
שנעלער! שנעלער! שנעלער!
דערלאנגט אינ די דאָמנעס דעם פײַער,
דאָס לאנד װארט אפ נײַע געבײַענ,
טרײבנ אונ רעלסנ עס פעלנ!
שנעלער! שנעלער! שנעלער!

(א הוראָק. דאָס שטעטל פארשװינדט. צעמאכקע, װי טריִער, שלאָפט באַם בריװ).

פּ אָ ר ה א נ ג.



# דריטער אקט

## ערשטע בילד

(אינ קלוב, לאָזונגענ װענג באהערשנ די טעכניק, דיאגראמענ, פלאקאטנ. אינ אָפּרו-צימער בא א פײַנעם טיש, אפ חײכע שטולנ, זיצנ טאָנקע, גארבער, האליק, צאלקע, בײלינא. רװועלע שטײט אינ דער זײַט).

**שטימענ:** אויסשליסנ! אויסשליסנ! צונעמענ דעם בילעט!

**רװועלע:** אונ איכ מײנ, אז מ'דארפ מיר ניט אויסשליסנ. א שאָד א קאָמסאָמאָליעצ.

**האליק:** א קאָמסאָמאָליעצ, אָט א אומגליק. ביסט בא אלטערקענ אנ עק.

**רװועלע:** ביסט אלײנ א װערבליוד. מײַנ טאטע האָט געארבעט אפנ זאװאָד נײַנצנ יאָר, נו, װאָס ביסטו, א צוציקל!

**גארבער:** עמעס, דײַנ טאטע איז טאקע א װוילער ארבעטער אונ דו ביסט ארויס א בלינדזשער זשערעבעצ.

**טאָנקע:** ביסט בא אלטערקענ א פּאָדשעפּנער.

**צאלקע:** איכ לײג פּאָר אויסשליסנ.

**האליק:** אונ אראָפּנעמענ פונ סטאנאָק אזוי, װי מע האָט אלטערקענ אראָפּגענומענ. אָ!

**רװועלע:** אוי, אוי, אוי, פארװאָס? גײט ער אינ דער ערד. ער שטײט צו, מײנסטו טאקע איכ דארפ אים האָבנ.

**האליק:** ער שטײט צו. ער פונדעװעט אמאָל מיט א שנעפּסעלע.

**רוּוועלע:** איך האָב מוירע פאר אים. ער הארגעט זיך.

**האַליק:** איך וואָלט אים באוויזן, איך וואָלט אים...

**רוּוועלע:** אָט, אָ, איך אים אינ נאָז, און דו אים איבערן פּאָטילניצע. ראז! ראז!

**גארבער:** זעסט א קאָמסאָמאָליעץ, און מיט וואָס ביסטו א קאָמסאָמאָליעץ?

**טאָנקע:** מיט וואָס אונטערשיידסטו זיך פון אלטערקען? פוסטעפּאַסעוועסט, אינ טעכנישן קרײַז בויאנעוועסטו.

**ביילינע:** ער קנײַפּט זיך, ער לאָזט ניט דורך, ער ווארפט זיך קושן.

**טאָנקע:** און וואָס פארא נאגרוזקעס פילסטו אויס?

**רוּוועלע:** אזוי, און אינ דראמקרײַז ווער איז? און אפ די רעפּיטיציעס? ווער? און די ראָלן ווער לייענט? און די נאגרוזקעס! און אינ דראמקרײַז?

(אלגעמיינער געלעכטער).

**טאָנקע:** נו, הער, רוּוועלע, דעם לעצטן מאָל פרעג איך בא דיר. וועסט זיך אופהערן צו כאווערן זיך מיט אלטערקען? מירן זיך מיט דיר ניט ניאנטשען! ווילסט ווערן א ריכטיקער קאָמסאָמאָליעץ?

**רוּוועלע:** איך וויל, טאָנקע, איך וויל. זאָל איך געהארגעט ווערן. זאָלן מיר דער בויך פּלאצן, אויב איך ליג. און אלטערקען האָב איך אינ דער ערד. איר דערשאצט ניט דעם ענטוזיאזם, דעם ענטוזיאזם פון קאָמיוג.

**גארבער:** אָט אזוי, מאָלאָדיעץ!

**טאָנקע:** וועסט ניט אונטערפירן?

**רוּוועלע:** קאָמיוגישער וואָרט. זאָל איך שטארבן. (גיט א סווישטשע. א שפרונג. אָפּ).

(א קלונג פון עלעקטרישן גלעקל. מ'רופט אפן קרײַז. אלע הייבן זיך פון די ערטער).

**גארבער:** שטייט. און מיט צעמאכקעס פּאָרשלאג וואָס וועט זײַן? אפ דער פּראָדוציר־בארעטונג דרײַ מאָל אָפּגעלייגט, צעמאכקע איז



אונדזער פּאָדשעפנער? אונדזערער. ווער האָט אים ארײַנגעצויגן אינ קאָמיוג? מיר. און איצטער, אז ער האָט געגעבן א פּאָרשלאג?

**צאלקע:** א ווערטפולן פּאָרשלאג.

**האַליק:** וואָס קוועטשן זיי זיך דאָרטן אינ ראציאָנאלקע?

**גארבער:** א ווערטפולער. און דורכשטופּן אים ווער דארף? מיר, דער קאָמסאָמאָל. מיר שרײַען, מיר שרײַען, די נאָרמע! די נאָרמע! די נאָרמע העכערן! אָט א פּאָרשלאג, הייבט די נאָרמע!

**צאלקע:** כ'האָב א אידייע. ווער לייענט הײַנט אפן קרײַז? אינזשעניער קראָנין און דער טעכניקער?

**טאָנקע:** דער אינסטרוקטער וועט אויך זײַן.

**צאלקע:** אָ, וועלן מיר זיי טאקע נייטן דעם פּאָרשלאג הײַנט באהאנדלען. טאקע אפ אונדזערע אויגן.

**אלע:** ס'גייט.

(עס לויפט דורך צעמאכקע).

**צעמאכקע:** אפן קרײַז! אפן קרײַז! וואָס זיצט איר? און נאָך דער אקטיוו.

(אלע אָפּ. צעמאכ און טאָנקע בלײַבן).

**טאָנקע:** צעמאכקע, באלד וועט מען באהאנדלען דײַן פּאָרשלאג אפן טעכנישן קרײַז.

**צעמאכקע:** נו, וויאזוי?

**טאָנקע:** מיר האָבן זיך שוין דערפאר גענומען.

**צעמאכקע:** אוי, טאקע? (כאפּט זי פאר א האנט).

**טאָנקע:** צעמאכקע, ווו ווערסטו דאָס פארפאלן גאנצענע נעכט?

**צעמאכקע:** הא, איך? אינערגעץ ניט; אינ ערגעץ ניט.

**טאָנקע:** די יאטן זאָגן, שוין די דריטע נאכט, אז דו קומסט ניט נעכטיקן.

**צעמאכקע:** ס'איז א ליגן, ס'איז א ליגן, אינ ערגעץ ניט.

**טאָנקע:** פארבאהאלסט פון מיר, צעמאכל. דערצייל, ווײַל, חײַל מיר פארדריסט (פּאוזע) דו דערציילסט ניט? (טאָנקע גייט אוועק).

**צעמאכקע:** שטיי! ווארט! אכ, הײַנט גיי דערצייל איר! אכ!

## צווייטע בילד

(רוּוועלע און ביילקע, רעדאַקטאָר).

**רעדאַקטאָר:** נו, רוּווקע, דײַן אַרטיקל וועט ניט גיין.

**רוּוועלע:** די סאַמאָקריטיקע פאַרשמירסטו, שטיקסט דעם ענטוזיאַזם! דעם קאָמסאָמאָלישן ענטוזיאַזם. דו דערשאַצסט ניט מײַן אַקטיוו, מײַן טאַטע נײַנצן יאָר...

**רעדאַקטאָר:** אומזיסט, כ'וועל ניט דורכלאָזן. אַזוי שרײַבט מען ניט אין קיין וואַנטצײַטונג. מעק אָפּריַער אויס די זילדווערטער, וועל איך דורכלאָזן.

**רוּוועלע:** אַ־אַ־אַ... אַז סאַכאַקאַל זײַנען דאָרטן קיין זידל־ווערטער ניט פאַראַן! (זי באַוויַזט). אָ, אינגאַנצן דרײַ מאָל דערמאָנט „זאַראַזע“ (זי ווײַזט). נו, פאַרוואָס איז דאָך ניט קיין זידלוואָרט (זי ווײַזט). אַ, דאָס, וואָס איך האָב דערמאָנט דעם טאַטן זײַנעם, איז ניט געפערלעך, אַבי ניט די מאַמע.

**רעדאַקטאָר:** נאַ, אַרבעט איבער אָן זידלערײַ.

**רוּוועלע:** וואָס, ווידער איבערשרײַבן? דער ענטוזיאַזם ווערט אָפּגעקילט, מײַן קאָמיוגישער ענטוזיאַזם. כ'וויל ווערן אַ ראַיעלער קאָמסאָמאָליעץ, איז איר אַ דײַגע.

**אַ יאַט:** וואָס שרײַסטו דאָרטן, רוּוועלע?

**רוּוועלע:** או מ'שטיקט דעם אַקטיוו.

**אַ יאַט:** ווער מען דערקסטו דאָס אַזוי, רוּוועלע?

**רוּוועלע:** פאַרשטייט זיך, אַלטערקען.

**אַ יאַט:** אַזוי? אויס כאַווערוסע! אײַ, מאַלאָדיעצ!

**רוּוועלע:** אויס, אויס. איך דר'ערד אים אין אָרט. מײַן טאַטע אַפּזאַוואָד נײַנצן יאָר און ער, אַ בלינדער זשערעבעץ.

(עס לויפט אָן אַ גרופּע דראַמקרײַזניקעס מיטן אָנפירער אינדערהויפּט).

**רעזשיסער** (צו רוּוועלען): נו, אָט, רוּוועלע. ער, אַלטערקע, וועט באַלד פאַרבײַגיין. ווי ער וועט אַרײַן, וועלן מיר אָנהייבן זינגען די



טשאַסטושקעס. מירן עס מאַכן אַזוי, צעקלײַמערשט אַ רעפּעטיציע, און זינגען וועסטו, סמאַליע! נאָר שרעק זיך ניט. טאָמער וואָס, זײַנען מיר דאָ. גייט עס?

**רוּוועלע:** אָפּגערעדט, דאָראָגאַיאַ. פאַרן קאָמסאָמאָל וועל איך ניט זשאַלעווען מײַן ענטוזיאַזם. איכל אים שוין לייגן אין דר'ערד. וואַרט. אָבער מאָמער ט'ער געבן אין נאָז?

**רעזשיסער:** זײַ רויִק. שאַ, אָט גייט ער. (עס קומט אָן אַלטערקע).

**רעזשיסער** (צו אַ יאַט): נו, מירן ווידער רעפּעטירן. אַלע אויף די ערטער! קאָנפעראַנסיע. נאָכאַמאָל! נאָר העכער, ניט שלינג די ווערטער.

**קאָנפעראַנסיע:** דער ערשטער נומער פון אונדזער פּראָגראַם, אונדזער דראַמקרײַזניק רוּווע...

**רוּוועלע:** אַקטיווער דראַמקרײַזניק!

**קאָנפעראַנסיע:** אַקטיווער דראַמקרײַזניק רוּוועלע קנײַפּער.

**רוּוועלע:** די פאַמיליע דאַרף מען ניט.

**קאָנפעראַנסיע:** אונדזער דראַמקרײַזניק רוּוועלע וועט אײַך אויסזינגען אַ הײַפּעלע קופּלעטן.

**רעזשיסער:** אַ הײַפּעלע, אַ הײַפּעלע, אַ בינטל קופּלעטן.

**קאָנפעראַנסיע:** אַ בינטל קופּלעטן.

**רוּוועלע:** קופּלעטן אויף דער טעמע וועגן דעם קאָמיוגישן ענטוזיאַזם און וועגן אַלטערקע דעם זאַראַזע. מוזיקע!

ליאַרעם, ליאַרעם, ליאַרעם, ליאַרעם,
מײַן האַרמאָניק, ווער ניט מיד.
יאַטן, מוירן מאַכט אַ וואַרע.
כ'וועל אײַך אויסזינגען אַ ליד.

אַלע יאַטן קריגן סכירעס,
אַלטער, נעבעך, זוכט אַ שאַנס,
ווײַל סכירעס באַם קאַסיר איז
שוין באַקומען מיט אַוואַנס,

גײט ער בא כאַװײרים לײַענ
אפּ א האַלבער פלעשעלע,
אױ, אינ הארצנ ברענט א פײַער
אונ א פראָסט אינ קעשענע.

אז פארפיאַנושקע פארקוקט זיך,
טרינקט ער בראַנפנ גאַנצ געשמאַק,
אונ דערפאר גיט ער פּראָדוקציע
ניט קײנ שרױפנ, גאָלע בראַק.

גאַנצע טעג אינ גאס ער טאָפּעט
מיט אזא געהירזשערײַ,
אַזש פונ שרעק עס פליט אראָפּעט
פונ די רעלסנ דער טראַמװײַ.

אימ באַנעגענענ אינדרױסנ
איז א גרױסע ריזיקע,
װײַל ער קאָנ נאָך מיטנ פױסט
פארפאָרנ אינ דער פיזיקע.

אַלע גײענ אפּ דער ארבעט
אױספילנ דעם פּראָמפינפלאַנ,
אַלטער מײַנער האַלט באַמ שטארבנ
אונ ער טײַנעט, איך בינ קראַנק!

ס׳איז א קרענק בא אימ א שװערע
אונ זי ציט זיך זײער לאַנג.
איך װאָלט, ברידערלעך, אײַך שװערנ,
אז ער איז א סיבוליאַנט.

שטענדיק צומ הוראָק פארשלאָפט ער
אונ ער ארבעט זײער קאַלט,



נאָר דערפאר מ׳זעט אים אָפטער,
װי ער לױפט אינ ז.ר.ק.

אַלטער איז א יאַט א כאָכעמ,
א געניטער מאשיניסט.
פארנ כױדעש ט׳ער צעבראָכנ
דרײַצנ גליִערס, װי די ניס.

איז פארפיאַנושקע געקומענ
אונ האָט אױסגעפילט זײַנ פליכט,
פונ כטאַנאַק אראָפּגענומענ
האָט ער אַלטערקענ דעמ פּסיכ.

ני, דערמיט האָב איך געענדיקט,
יאַטנ, װארט נאָר אײנ מאָמענט.
כ׳בעט אײַך, זשאַלעװעט די הענט ניט,
קלאַפּט מיר אַנ אפּלאָדיסמענט.

**אַלטערקע:** ניװוזיקעס!
**רעזשיסער:** װאָס? ס׳געפעלט דיר ניט? װעסט זיך אינגיכנ אינגאַנצנ
ארױסקײַקלענ פונ זאַװאָד.
**אַלטערקע:** איך בינ א מענטש א פרײַער. שלאָגט זיך קאָפּ אָנ װאַנט,
כ׳האָב אײַך אינ דר׳ערד.
**א שטימע:** דזשאַז־באַנדע, אפּנ קרײַז!

(אַלע לאָזנ זיך לױפנ. רװועלע אױך. אַלטערקע האַלט אים אָפּ).

**אַלטערקע:** רװועלע!
**רװועלע:** אַלטערקע!
**אַלטערקע:** שױנ געהערט?
**רװועלע:** שױנ געזענ.
**אַלטערקע:** װאָס האָסטו געזענ?

רוועלע: דעם פריקאז, פארשטייט זיך, דיך אראָפּנעמען פון סטאנאָק
און צעמאכן אַף דײַן קאָפּ.
אַלטערקע: הו, וואָס זאָגסטו? א בייזער יאָר אַף זיי.
רוועלע: זיי זײַנען גערעכט.
אַלטערקע: וואָס?
רוועלע: ע, ע, איך זאָג... ביסט גערעכט, אַלטערקע, ביסט גערעכט.
אַלטערקע: אָ, דעם צעדרייטן אַף מײַן קאָפּ און מיך אַף שוואַר-
צער ארבעט.
רוועלע: צו געזונט.
אַלטערקע: וואָס?
רוועלע: ע, איך זאָג, דו ביסט ניט געזונט, אַלטערקע. דו ביסט ניט
געזונט.
אַלטערקע: יאָ. איך בין ניט געזונט. עס טוט וויי דאָס הארץ.
רוועלע: חער פארברענט.
אַלטערקע: וואָס?
רוועלע: ע, ע, איך זאָג עס ברענט? דאָס הארץ ברענט?
אַלטערקע: יאָ, עס ברענט אין הארצן. עס טוט וויי. רוועלע, קום
אהער, דו ווייסט, זיי ווילן דיך אויך אראָפּנעמען. צו דער טאטש-
קע ווילן זיי דיך שטעלן.
רוועלע: מיך אראָפּנעמען? שטעלן בא דער טאטשקע? גיי שוין, גיי.
אַלטערקע: ס'איז זייער ארבעט, טאָנקעס מיט צעמאכקעס ארבעט.
רוועלע: נו, טאקע?
אַלטערקע: פערד! איך זאָג דיר, ווייסט? מיר דארפן פון זיי פּאָטער
ווערן אַף אן עמעס, איבערהויפּט פון צעמאכקען, פון טאָנקען
דערנאָך. איך האָב א פּלאן.
רוועלע: גיי אין דר'ערד מיט דײַנע פּלענער.
אַלטערקע: וואָס?
רוועלע: איך האָב מיט דיר קיין אייסעק ניט.
אַלטערקע: וואָס?



רוועלע: אָ-דאָס! מײַן טאטע אפן זאוואָד נײַנצן יאָר און דו ביסט א
בלינדער הונט... טפו, איך מיין א בלינדער זשערעבעץ. אויס,
אויס, אויס. אטו, אטו, אטו!..
אַלטערקע: פארמאך דײַן ראדיאָ. וואָרעם איך צעקלאַפּ דיר באלד דעם
רופּאָר.
רוועלע: סלאבאָ!
אַלטערקע: סלאבאָ? (וואַרפט זיך שלאָגן).
רוועלע: יאטן! יאטן! ער וויל זיך הארגענען.
אַלטערקע: רוועלע!
רוועלע: מיר זײַנען ניט קיין פּאָר קליידער.
אַלטערקע: ש-ש-ש, פארמאך דעם בילער.

(עס קומט די יוגנט, פארפּיאן, העקער. זיי גייען אלע פון טעכ-
קרײַז מיט צייכענונגען און ביכער אין די הענט).

אינסטרוקטער: דאס איסט אומעגליך, יונגע, יונגע.
צעמאכקע: א פּאָשעטער כעזשבן, כאָווער העקער, מירן איבערשטעלן
דעם איזאָליאטער און לאָזן אַף דער דריטער שנעלקײַט. יאטן.
איר וועט זען.
העקער: אך, מענטש, דאָס איסט אומעגליך. דאן גייט אלעס קאפּוט!
אין דײַטשלאנד מאכט מען אזוי ניכט שנעלער.
צעמאכקע: הע, א מאָשל, אין דײַטשלאנד זײַנען דאָך בורזשויען.
העקער: אָ, יא, יא, יא, אבער...
פארפּיאן: קרוי, צעמאכקע! קרוי! פּרוּוו, מיר וועלן זען. עך! וואָלט
דאָס נאָר זײַן ריכטיק.
צעמאכקע: וואָס רעדט איר? שוין זעקס וואָכן, אז איך דאר אַף דעם
די קאָפּ, שוין ויפל מאָל געפּרוּווט. מאָרגן באווײַז איך אײַך. יעדער
גליַער וועט העכערן דעם ארויסלאָז אַף 12%.
פארפּיאן: קרוי, צעמאכקע, דערווײַז, סמעקאלקע.
גארבער: עך, צעמאכקע, דערווײַזטו מאָרגן אפן סטאנאָק, ווערסטו א
בריגאדיר, קריגסט א בריגאדע.

צעמאכקע: איכ דערוויַז מאָרגנ.
טאָנקע: אָהאָ, כאוועד העקער! צעמאכקע, אז ער וויל, איכ קאָנ אימ.
העקער: אָ, יא, גענאָסע צעמאכ, אָבער...
אלטערקע: צעמאכ די טעכניקע? א צעדרייטער. ער וועט איַיכ נאָכ אָנמאכנ א קאשע. ער'ט איַיכ אלע גליִערס צעפּאטערנ, אירט זענ מיַינ וואָרט.
האליק: ליַיגסט, ליַיגסט, פּיאניצע, דיר פּארדריסט, וואָס מ'האָט אימ געשטעלט אפּ דיַינ אָרט.
אלטערקע: מיר פּארדריסט? א האָר אויכ ניט. איר וועט אימ זאָ ווי זאָ אליינ אראָפּנעמענ. ער וועט איַיכ אָנמאכנ א כאסענע.
צעמאכקע: ליַיגסט ליַיגסט, איכ וועל העכערנ די פּראָדוקציע. מאָרגנ נאָכ, מירנ זענ.
אלטערקע: מירנ זענ.

פּ אָ ר ה א נ ג

## דריטע בילד

(פּארנ פּאָרהאנג. האלב פינצטער. צעמאכקע לויפט דורכ פּאָר־זיכטיק. ער קוקט זיכ ארומ. ער פּארשווינדט. אינ עטלעכע סע־קונדעס ארומ באוויַיזט זיכ וואלעריאנ. שטארק דערשראָקנ. אינ די הענט ציטערט בא אימ א בולעווע).

וואלעריאנ: שטיי! שטיי, זאָג איכ! ווער גייט?! איכל שיסנ! (ער ציטערט, ציילעמט זיכ). האָספּאָדי יעסוסע! האָספּאָדי יעסוסע! מיסטאָמע האָט זיכ מיר ווידער אויסגעדוכט. די דריטע נאכט, אז עס דוכט זיכ מיר. ניט גוט, ניט גוט וואלעריאנושקע, ציַיט אפּ דער סאָציַאלקע, וואלעריאנושקע, אפּ דער סאָציַאלקע. ניט גוט, ניט גוט. האָספּאָדי יעסוסע (אָפּ).

(ס'הייבט זיכ דער פּאָרהאנג. נאכט. אינ צעכ האלב פינצטער. קיינער ניטאָ. צעמאכקע גאנועט זיכ צו די גליִערס. אינ האנט א פּאפּירל מיט א בליַיער).



צעמאכקע: אוי, דאכט זיכ, מע גייט. (פּאוזע. ער דערגייט צומ גליִער, ער פּארטשעפּעט זיכ. א גערויש). אוי, וואלעריאנ קענ נאָכ דערהערנ.

(ער הערט זיכ צו, קיינער ניטאָ. ער נעמט גיכ פּאנאנדער א גליִער. ער ארבעט אונ פּארצייכנט אינ א פּאפּירל. עס דערהערנ זיכ טריט. צעמאכקע דערשרעקט זיכ, באהאלט זיכ הינטער א סטאנאָק, עס קומט אָנ פּארפּיאנ. פּארפּיאנ גייט צו לאנגזאמ, טאפּנדיק).

פּארפּיאנ: צעמאכ, צעמאכקע, ווו ביסטו?
צעמאכקע (לויפט ארויס פונ הינטערנ סטאנאָק) פּארפּיאנ? אוי, דאָס ביסטו?
פּארפּיאנ: איכ, איכ, האָסט זיכ דערשראָקנ? ייִנגל נו, נו, בארויִק זיכ. איכ, איכ. ווער דענ? כוץ מיר וועט קיינער אינ דער ציַיט ניט קריכנ.
צעמאכקע: געמיינט וואלעריאנ. כ'האָב ווי אלע מאָל איצט ערשט זיכ דורגעגליטשט פּארביַי זיַינ נאָז. קענטיק, ער האָט באמערקט. ער האָט א געשריי געטאָנ: ווער גייט? כ'שיס! אונ אליינ הער איכ, ווי דער קאָל ציטערט בא אימ פונ שרעק. גליַיכ גאזלאָנימ וואָלטנ אימ באפאלנ.
פּארפּיאנ: אנ אלטער שוינ, קימאט א בלינדער. ער טרעפט שוינ מיט דער לעפל אינ נאָז, אנ אלטער שוינ. פונ סעוואסטאָפּאָליער קריג. וואלעריאנושקע, זאָג איכ אימ אנומלט, מירנ דיר געבנ פּענסיע אונ גיי אפּ דער סאָציַאלקע, ווארעמ זיכ אונטערנ פּעלצ אפנ פּריזבע. וויל ער ניט. נו, נו, פּארפּיאנושקע, סאָציַאלקע, סאָציַאלקע. איכל מיר נאָכ געפינענ, זאָגט ער, ארבעט אפנ הויפ. היטנ די האָלצ. פּארקערנ דעמ ברוק. סאָציַאלקע! (ביירע לאכנ).
פּארפּיאנ: יאָ, נו, צעמאכ.
צעמאכ: אָט איכ שטעל איבער. די פּאראלעל האָב איכ שוינ באטאָג צוגעפּאסט.
פּארפּיאנ: המ, נו, נו, קרוי, צעמאכ! קרוי! לאָמיר וויַיזנ דעמ דיַיטש, אז מיר זיַינענ אויכ מיט סמעקאלקע, הע־הע. ער גיט צוועלפ אינ

א גלי און מירנ געבנ זעכצנ. ער וועט געבנ פערצנ אינ א גלי
און מירנ געבנ צוואנציק. דערזשים! נאָר נים געהיצט זיכ, גע־
לאסנ! געלאסנ! קרוי, צעמאכ!

**צעמאכ:** פארפיאנושקע, איכל זיכ שוינ א סטארע טאָנ.

**פארפיאנ:** עכ, יוגנט, יוגנט, כ'דערמאָנ זיכ. אמאָל נאָכ אמאָל. ס'איז
נאָכ קיינ זאוואָד נים געווענ. א קורילקע, א ווארשטאט. זעכצנ
שאָ. פונ פינצטער ביז פינצטער. פארשטייסט? יאָ. כ'האָב גערער־
בעט דעמאָלט אפ די קלעפקעס. זיכ געבלענדט די אויג אפנ
פייער. כ'פיל, כ'ווער פארפאלנ. נו, איז דאָכ סמעקאלקע. האָב
איכ זיכ דערטראכט, הע, הע, הע, הע... פונ צוויי ביר־פלעשער
אויסגעהאקט די דאָנישקעס. אָפגעשייערט זיי אפ א שטיינ און
געמאכט פונ זיי א פאָר אויגנ־גלעזער. גרינע ברילנ פונ ביר־
פלעשער. סמעקאלקע. נו, האָב איכ עס דערפאר געכאפט איבערנ
פאָטעלניצע. איי, איי, איי. דער מייסטער האָט מיר אָנגעלייגט אינ
האלדז און נאקנ און מיכ ארויסגעוואָרפנ אפנ פראָסט. אמערדער
געווענ דער מייסטער, פערווי סאָרט. מאָגילא האָט מענ אים גע־
רופנ. איוואנ מאָגילא. דא.

**צעמאכקע:** איוואנ מאָגילא? א מאָדנער נאָמענ.

**פארפיאנ:** עכ, יוגנט, יוגנט. אייכ איז עס אנדערש. אז איר פאר־
שטייט עס נים. נ„ לארנאָ! איז וואָס זאָגסטו? צעמאכ, מארקירסטו,
הא? נו, נו, קרוי, קרוי! בא אייכ איז די אריפמעטיקע אינ דער
האנט. קרוי! מירנ זיי מאָרגנ אונטערווישנ די וואָנצנ, הע־הע־הע...
דערזשים! נו, כ'גיי. (ער גייט פאַ פאזעלעכ, קערט זיכ אום). יאָ. אָט
וואָס, גיב מיר צוריק די שליסלענ, איכ'ל דיכ פארשליסנ, און דו
העסט דאָ שוינ בלייבנ. אינדערפרי, אז מע וועט עפענענ דעם
צעכ, וועסטו זיכ באהאלטנ אינ קלאדאָווקע און דערנאָכ וועסטו
ארויסגיינ. וועט מענ זיכ נים כאפנ, אז דו האָסט דאָ גענעכטיקט.
פארשטאנענ? ווארום קיינער טאָר נים ויסנ, אז איכ גיב דיר
יעדער נאכט די שליסלענ. פארשטאנענ? ני־ני, ני.

**צעמאכ:** פארשטאנענ, פארפיאנושקע, פארשטאנענ.



**פארפיאנ** (נעמט בא אים די שליסלענ): עכ, יוגנט, יוגנט. (פארפיאנ אָפ)
דא! נו, ארבעט, ארבעט.

**צעמאכקע** (נעמט זיכ ווידער צום גלייער. ער לויפט יעדער מאָל מיט די רעטאלנ
צום ליכט. ער מעסט, פארצייכנט אינ פאפירל): איכל אים ווייזנ. איכ
צעמאכ די טעכניקע. איכל אים דערווייזנ, וואָס הייסט אזוינס
נאָרמעס. הייסט עס, אפ דער דריטער שנעלקייט איז דער איזאָ־
ליאטער נידעריקער? (ער לויפט צו צום גלייער). ע, וועלנ עס פליענ
שרויפנ! שרויפנ! טעמפנ! סאָציאַליסטישע! ווארט, די פאראלעל
אָ, (ער באטראכט א רעטאל אפ דער שיינ). דאס איסט אונמעגליכ. דאָס
איסט אונמעגליכ. דאס גייט קאפוט. נים קאפוט, כאווער העקער!
פאקט! האָ! האָ! האָ! האָ! (ער ארבעט גיכ און צייכנט אפ א פאפירל).
קרוי! צעמאכקע, קרוי! עכ, פארפיאנושקע, א געזונט דיר אינ
קאָפ! (ער לויפט צום ליכט מיט א רעטאל). מאָלאָדיעצ, צעמאכ! דאָס
איסט גוט! (ער לויפט צום גלייער, דריקט אפנ פעדאל). הא, טאָנקע?
קאָמפעטענט? קאָמפעטענט, צעמאכקע! קאָמפעטענט! וויל נאָר.
(ער פרובירט) אהא! עס פאסט! עס גייט צו, ווי אינ אפטייק! גע־
פאקט! געוווּנענ! גיב א בריגאדע! עהיי! נא! זע! (דריקט מיט דער
פוס אפנ פעדאל). ראז! ראז! אכ, יאָ, קיינ טאָק איז נאָכ ניטאָ, עכ,
ווי מע וועט עפענענ דעם צעכ, נו, וועל איכ זאָגנ, ווער איז גע־
רעכט? בא אונדז אינ דייטשלאנד? בא אונדז אינ ראטנפארבאנד,
כאווער העקער. אינ ראטנפארבאנד! (ער לויפט ארום אומגערולדיק).
אוי, ווענ קומענ שוינ די יאטנ? ווענ וועט שוינ אָנהייבנ טאָגנ?
(ער זעצט זיכ צופוסנס באם סטאנאָק). אזא פראָסטער סייכל. דעם איזאָ־
ליאטער נעענטער צו דער פאראלעל און אפ דער דריטער שנעל־
קייט און די נאָרמע איז געהעכערט. אזא פראָסטער סייכל.

(ער ווערט אנשלאָפנ. אינ דער האלב פינצטערניש באווייזט זיכ
אלטערקע. ער גייט פאָרזיכטיק, לאנגזאם. ער וואקלט זיכ. ער
נישטערט איבערנ צעכ, ער באמערקט צעמאכקענ).

**אלטערקע:** אהא, איכ ווייס, ווו צו זוכנ דיכ, געפאקט! פונ מיר וועסט
זיכ נים ארויסדרייענ. הע, שלאָפט, ווי א גראפ. צוגענומענ בא

מיר דעם סטאנאָק, צוגענומען בא מיר טאָנקען, הע, און איצטער ליגט ער זיך ווי א גראפּ. אוי, סוואָלאָטש. כ'ל דיך באלד מאכן פאר א קאַלטן. שלאָפּ, שלאָפּ געזונטערהייט. (ער כאפּט ארויס א מעסער, עס ציטערן אים די הענט ער באהאלט צוריק), ניין, (ער קוקט זיך ארום. באמערקט אן אייַזערנעם שטאנג געמט אינ די הענט) בעסער אפּ טרוקן. שלאָפּ. שלאָפּ געזונטערהייט. (ער פארמעסט זיך אפּ צעמאכ־קען מיטן שטאנג. דער שטאנג פארטשעפּעט זיך אינ א הענגעגדיקן עלעקטרע־לאָמפּ. ס'רערהערט זיך א קלאפּ. צעמאכקע דרייט זיך אום אפּ דער אנדער זייַט־ אלטערקע דערשרעקט זיך. ער קוקט אבן לאָמפּ און אפּ די אייגענע הענט) אוי, אוי, עס ציטערן די הענט. א שלעכטער סימען. אוי, אוי. (ער חישט זיך דעם שווייס). פו! (פּאוזע) מע קען זיך נאָך כאפּן. מע וועט פארשטיין, אז איך האָב אים געוואָלט אוועקלייגן. ניין, ניין, איך האָב אן אנדער מיטל. וועסט אליין געהארגעט ווערן. כאפּט דיך דער רוח. איכ'ל דיר אָפּטאָן אן אנדער שפּיצל.

(ער לויפט צו צום גליַער, כאפּט ארויס א דעטאל. באהאלט אינ בוזעם. לויפט ארויס. צעמאכקע בלייַבט א שלאָפנדיקער. לאנגע פּאוזע. ביסלעכווייַז הייבט אָן ווערן ליכטיק. עס קומען צוגיין די יאטן אפּ דער ארבעט).

פיאָנער: זע, עמעצער ליגט דאָ.

אלע: ווו? ווו?

האליק: אוי, זע, דאָס איז דאָך צעמאך.

גארבער (לויפט צו): אוי זע, וואָס איז דאָס מיט אים? (פּאוזע) שלאָפט.

צאלקע: אוי, גארבער, איצט פארשטיי איך שוין, ווו ער ווערט עס פארפאלן די נעכט.

גארבער: א, פארשטייסט? דו געדענקסט, איך פלעג קומען צוגיין אינ־דערפרי אינ צעך. מיר פלעגן געפינען אלע גליַערס צענומען. די דעטאלן צעטאשטע, א מישענינע. א יאם. ס'איז זייַן ארבעט.

האליק: מע דארף דאָך אים אופוועקן, הא? (ער וועקט צעמאכן) צעמאך, שטיי אופ. דער בעטלער איז שוין אינ זיבעטן דאָרף. די גאנדז האָט זיך שוין אָפּגעקעלבט. שטיי אופ, צעמאך.



צעמאך (כאפּט זיך אופ): אוי, יאטן ס'איז שוין טאָג?

האליק: ניין, ס'איז נאָך נאכט, עס שייַנט די לעוואָנע.

צעמאכקע: קאָם זיך דערוואַרט. טאָק דערלאנגט מיר! כ'ל אייַך שוין ווייַזן!

גארבער: צאלקע, לויף, הייס איבערשליסן דעם טראנספאָרמאטער. הייס דערלאנגען טאָק.

צעמאכקע (ווארפט זיך צום גליַער, אלע רינגלען אים ארום): אָט זעט, כ'האָב קיין טאָעס ניט געהאט. ווו איז דער אינסטרוקטער? פאר־פיאנן? איר זעט, כאווײרים? כ'האָב איבערגעשטעלט דעם איזאָליאַ־טער, די פאראלעל פארקירצט, איצטער לאָזן מיר אפּ דער דריַ־טער שנעלקייַט. אָט אזוי. שטייט! שטייט! ווארט! ווו איז דער איזאָליאטער? לאָזט, רוקט זיך אָפּ. דער איזאָליאטער ווו איז? (פּאוזע) זעט, וואָס איז דאָס? ניטאָ דער איזאָליאטער! (אלע זוכן). יאטן, ווער האָט גענומען? גענוג צו שפּאסן. גיט אהער. (א שטיל־שווייַגן. אלע קוקן אפּ אים שכרענג. צעמאכקע גיט זיך א ריס, זוכט פארצווייפלט). פארשוווּנדן דער איזאָליאטער!!!

האליק: געקוילעט א מאשין.

צאלקע: קיין רעזערוו־טיילן ניטאָ.

גארבער: א מיַעסע געשיכטע. (צו צעמאכן) מאכסט אונדז צום נאר.

צעמאך: אליין ארייַנגעשטעלט. מיט די אייגענע הענט, (פארצווייפלט) כאווײרים.

האליק: אן אומגליק!

גארבער (קוקט אפּ אלעמען קאטעגאָריש): די דעטאל (פּאוזע) מוז ווערן!

צעמאכקע: כאווײרים, כ'בין ניט שולדיק!

אלטערקע (רייַסט זיך אריַין אינ קרייַז): ער איז ניט שולדיק. ווער איז שול־דיק? מיר זייַנען שולדיק? הא? געהארגעט א מאשין. צוגעלאָזט א צעדרייטן. ס'האָט ער אומישנע, זאָל איך געהארגעט ווערן. ס'האָט ער אומישנע. ער דארף ענטפערן. מיטן קאָפּ דארף ער ענטפערן.

רוועלע: אוי, איך קען ניט.

**אלטערקע** (כאפט צעמאכקע פארן האלדז): רייד! דערלאנג!
**ראוועלע**: אוי, איך קען ניט!

(טוט א פלינקן שפרונג, כאפט זיך ארום בא אלטערקען אפן פלייצע, רייסט אלטערקעס הענט פון צעמאכקעס האלדז. אלטערקע דרייט זיך ארום מיט ראוועלען אפן פלייצע. די גאנצע מאסע רינגלט זיי ארום. מע דרייט זיך צוזאמען. מע וויל אפרייסן ראוועלען פון אלטערקען. א טומל. עס קומט אן פארפיאן מיט העקערן).

**פארפיאן**: וואס איז דא? וואס איז דא? געלאסן! געלאסן! (מע רייסט אפ ראוועלען פון אלטערקען).
**העקער**: וואס איסט ליוס? וואס איסט ליוס?
**האליק** (באווייזט מיטן האנט איבערן האלדז): א מאשין געקוילעט.
**צאלקע**: פארשווונדן א דעטאל. דער איזאליאטער.
**צעמאכקע**: אליין מיט די אייגענע הענט אריינגעשטעלט!
**אלטערקע**: אט צוגעלאזן א צעדרייטן. צעמאכקע די טעכניקע. אין טורמע אזא! אין טורמע אזא!
**ראוועלע**: אוי, איך קען ניט! (ער ווארפט זיך ווידער אפ אלטערקען).
**פארפיאן**: סטאפ! סטאפ! (צו אלטערקען) און דו, מ׳עט זיך אן דיר באגיין. פראקוראר!
**אלטערקע** (קלאפט זיך אין ברוסט): ס׳ווייטיקט דאס הארץ.
**צעמאכקע**: פארפיאן, פארפיאנושקע. כ׳בין ניט שולדיק. גארבער! צאלקע! העקערל! כאווער העקער! כ׳בין ניט שולדיק! כ׳בין ניט שולדיק!
**העקער**: יונגע! יונגע! (ס׳לויפט אריין וואלעריאן).
**וואליעראן**: א גאנעוו! א גאנעוו!
**שטימען**: ווו! ווער? א גאנעוו?!
**וואלעריאן**: טאטעלעך מיינע, איך האב אים נאכגעשפירט.
**שטימען**: ווו? ווו? ווו איז ער?!
**וואלעריאן**: דארטן, טאטעלעך מיינע, דארטן. כ׳האב אים געפאקט. איך אים מיט דער בולעווע, ווי מאליוטע!



**פארפיאן**: מאליוטע! מאליוטע! רייד מיט א טאלק. ווו איז ער? אנטלאפן?
**וואלעריאן**: וואס דען, טאטעלעך מיינע. אינמיטן נאכט איך זע, עמעצער שמיג, שמיג. איך נאך אים, שטיל אזוי, ווי א קאט. ער אין צוזאמענוווינונג שמיג, שמיג. איך נאך אים, שטיל אזוי, ווי א קאט. איך זע, ער גייט ארויס מיט א פאק. אט אזא פאק. איך נאך אים שמיג, שמיג. שטיל אזוי, ווי א קאט.
**פארפיאן**: איך נאך אים שמיג, שמיג. קורץ, האסט אים אפגעלאזן?
**וואלעריאן**: ניין, טאטעלעך מיינע. ער איז דארט אין קאליטקע, איך האב אים פארשפארט.
**פארפיאן**: פארוואס זשע האסטו אים ניט געבראכט?
**וואלעריאן**: אט, טאטעלעך מיינע. נאט אייך די שליסלען! נעמט אים, נעמט אים.

(עס ציטערן בא אים די שליסלען! פארפיאן כאפט די שליסלען, לויפט ארויס. וואלעריאן—נאך אים. אלע אין דערווארטונג. פארפיאן קומט אריין צוריק. ער פירט עמעצן פארן האנט. נאך זיי גייט וואלעריאן).

**וואלעריאן**: אט, טאטעלעך מיינע, געפאקט.
**שטימען**: אוי, זע, ס׳איז דאך טאנקע! טאנקע! טאנקע!
**טאנקע**: אט אן אלטער טעראך. מיך פארשלאסן אין קאליטקע. גענומען געכאפט א גאנעוו. און ער שרייט: מיט דער בולעווע, מיט דער בולעווע, ווי מאליוטע! ביסט אליין א מאליוטע!
**וואלעריאן**: איר זעט, זי מאכט זיך נאך פאר א שעפסעלע. און דאס, וואס איז? (ווייזט אפן פאק).
**טאנקע**: וועסט זיך גיך דערוויסן, וועסט פרי אלט ווערן (צו אלעמען). וואס שטייט איר דא געפלעפטע?
**האליק**: געקוילעט א מאשין.
**טאנקע**: ווו? ווער?
**צעמאכקע**: טאנקע, כ׳בין ניט שולדיק, אליין מיט די אייגענע הענט אריינגעשטעלט! כ׳בין ניט שולדיק.

**טאַנקע:** עכ, צעמאַכ (צו אלעמען) אָט וואָס, כאַווייִרים. צעמאַכקע פלעגט די לעצטע צײַט פאַרפאַלן ווערן די נעכט. האָב איכ געטראַכט, וווּהין ווערט ער דאָס פאַרפאַלן? און איכ האָב אים נאָכגעשפּירט. פאַרטאָג, אינדערפינצטער, איכ גיי איבער דעם נײַעם קאָרפּוס, איכ זע, עמעצער שפּרינגט ארויס פון נײַעם צעכ.

**שטימען:** נו, נו?

**טאַנקע:** אלטערקע.

**אלע:** אלטערקע?

**טאַנקע:** איכ נאָכ אים אינ צוזאַמענוווינונג. איכ זע ער באַהאַלט דאָרטן עפּעס אינ בעט און לויפט ארויס צוריק. כ׳גיי אַרײַנ, כ׳גיב א קוק: ערשט אינ בעט באַ אים א גאַנצע קאָאָפּעראַציע. נאַט, זעט! (זי צעבינדט דעם פּאַק, נעמט ארויס פון דאָרטן עטלעכע נײַע פּאָר שיכ, צוויי פּאָר שטיװל און א גרויסנ רונדנ רולאָנ בײַקע. אלטערקע ציטערט).

**רוווּעלע:** ס׳איז נאָכ גאָרניט! גיב זיכ נאָר א גריבל באַ אים אינ קופערט. דאָרטנ איז באַ אים א גאַנצער סקלאַד. א זעערקאַ. א ספּעקוליאַנט!

**שטימען:** אָבער די דעטאַל? די דעטאַל וווּ איז?

**טאַנקע:** וואַרט! (זי גיט א וויקל פּאַנאַנדער דעם רולאָנ בײַקע. אינמיטנ ליגט דער איזאָליאַטער).

**צעמאַכקע:** אוי, אָט איז דאָס? (ער כאַפּט דעם איזאָליאַטער. לויפט און שטעלט אים אײַנ אינ גלײַער).

**אינסטרוקטער:** פּאָולע באַנדע! לאָוזע יונגע!

**האַליק:** איר הערט, יאַטנ? ער זאָגט, אַז ער איז א לויז.

**אינסטרוקטער:** פּאַרדאַמטער פּאַשיסט!

**וואַלעריאַנ:** פּאַשיסט! האָספּאָדי יעסוסע! מיט דער בולעווע! ווי מאַליוטע! ווי מאַליוטע! (צײלעמט זיכ).

**האַליק:** וואָס, געגראָבנ א גרוב? אַנ אומגליק, כ׳ל דיר מיימעסנ! (וואַרפט זיכ מיט די פויסטנ).

**פאַרפיאַנ** (האַלט אים אָפּ. צו אלטערקען): קרישקאַ!



**רוווּעלע:** קרישקאַ!

**פאַרפיאַנ:** פירט אים אָפּ צום קאָמענדאַנט! איכל דאָרט באַלד זײַנ.

(מע פירט אָפּ אלטערקען. וואַלעריאַנ גייט אים נאָכ מיט דער בולעווע).

**פאַרפיאַנ:** נו, צעמאַכקע?

**צעמאַכ:** הא? וואָס?

**פאַרפיאַנ:** ס׳האָט זיכ באַקומענ? וועסט ווײַזנ?

**צעמאַכ:** א, יאָ, איכ האָב! איכ האָב! (לויפט צום גלײַער). כ׳ל שוינ ווײַזנ (ער דריקט אפ דער פּעדאַל. דער אינסטרוקטער ציילט אפנ זייגער איינס, צוויי, דרײַ, פיר).

**צעמאַכקע:** ראַז! (ער שפּרינגט אָפּ פון גלײַער מיט א רויטנ שרויפ אינ קלעשטשע. ער באַווײַזט אלעמען. אלע באַטראַכטנ) אָט!

**פאַרפיאַנ:** א גלײַכער גלי.

**העקער:** ס׳גוט, צעמאַכ, טאַדל ליוס!

**גאַרבער:** אַנ אַנטיק.

**האַליק:** ווי א מאַלינע!

**פאַרפיאַנ:** אָטליטשנאָ!

**טאַנקע:** קאָמפּעטענט, צעמאַכקע!

**פאַרפיאַנ:** מאָלאָדיעצ, צעמאַכ, האָסט ניט אונטערגעפירט! (ער רײַבט די הענט מיט פאַרגעניגנ). אכ, יאָ, זע, וואָס זשע שטייענ מיר? איצט וועלנ מיר פּרוּוונ אפ אלע גלײַערס. (צו צעמאַכקען) נו, דו שטעל איבער. איכ לויפ אײַנשליסנ דעם טראַנספאָרמאַטער. (אלגעמיינע צוגרייטונג. פאַרפיאַנ קערט זיכ אום). נו, ברידער, אינ א גוטער שאָ! גאַרבער, פיר אָנ!

**גאַרבער:** שטיי, פאַרפיאַנ. ניט איכ. צעמאַכ דאַרפ קאָמאַנדעווענ. ער האָט געוווּנענ. ער קריגט א בריגאַדע. (צו צעמאַכנ) נו, פיר אָנ! קאָמאַנדעווע!

**צעמאַכקע** מיינסט עס טאַקע אפ אַנ עמעס?

**האַליק:** אָט אַנ אומגליק. אַוואַדע אפ אַנ עמעס. קנאַק, ס׳איז דאָכ דײַנ בריגאַדע, קנאַק.

**צעמאכקע** (לויפט צו אונ גרייט אָנ די גליִערס. ער מאכט זיכ הארצ אונ שרײַט):

צעמאכקעס בריגאדע, אפ די ערטער! (אלע שטעלנ זיכ אפ די ערטער).

**פארפיאנ:** פונ די גליִערס איז מענ אָפגעטראָטנ?

**צעמאכקע:** אָפגעטראָטנ. שליס אײַנ!

פארפיאנ גיט לאנגזאם א פיר דעם אײַנשליסער. אלע אפ א האלבנ ראדיוּס. עס צינדט זיכ אָנ א בלוי לעמפל. דער צײַגער אפנ מאָנאָמעטער הייבט זיכ אָנ באוועגנ. ס'דערהערט זיכ א טויבער הודיענ פונ א מאָטאָר).

**רוועלע** (לויפט ארויס אינמיטנ, גיט א געשריי): **שטייט!** ער ווינקט זיכ צונויפ מיט די יאטנ. אלע רינגלענ ארומ צעמאכקענ. מע הויבט אים אומ אינדערהויך. מע טראָגט אים צו צום פובליקום אפ די הענט).

**אלע:** דעם בריגאדיר!!!

**טאָנקע:** (לויפט צו אפנ פאָדער־בינע צום פובליקום זי באווײַזט אפ צעמאכקענ):

ער, צעמאכ, א בריגאדיר!

פ אָ ר ה א נ ג



# דרײַ פענצטער

## (א קאָמעדיע אינ איינ אקט)

## פערזאָנען:

א ברינאַדע יוגנטלעכע ארבעטער:

יאשע—בריגאדיר
סאָניע
שימעלע
הירש
ארקע
בלומע
צעמאַכ
מוישע

(די בינע: א פוסטער צימער, אנטקעגנ צושויער דרײַ פענצטער. קיינער ניטאָ. עס לויפט ארײַנ סאָניע, שלעפט פארנ האנט יאשקענ).

**סאָניע:** אָט איז עס.

**יאשע:** נו, אָבער וווּ איז דער סיורפריז? דערווײַל זע איך נאָר א פוסטנ צימער. נאָכ וואָס האָסטו מיכ אהער פארשלעפט.

**סאָניע:** אָט דאָס וועט זײַנ דײַנ צימער. 18 די לענג! דרײַצנ די ברייט! דרײַ פענצטער, ווי די טויערנ! הײַנט א קובאטור! לופט!

**יאשע:** אוי, סאָניע! דו שפּאסט ניט?

**סאָניע:** וואָס גלויבט זיכ דיר ניט? ס'איז דאָכ דײַנ פּרעמיע. עס געזונט.

**יאשע:** עפּעס גלויבט זיכ ניט. אזא גליק. דערצייל ווי־אזוי.

**סאָניע:** וואָס איז דאָ צו דערציילנ? ווייסט דאָכ, אז מע האָט מיכ אויסגעקליבנ אינ שטייגער־קאָמיסיע! נו, האָב איכ אינ די פּראָטאָ־קאָלנ געפונענ די באשטימונג.

**יאשע:** וואָס פאר א באשטימונג?

**סאָניע:** די קאָנטאָרקע, ס'הייסט אָט דעמ צימער אָפּרעמאָנטירנ, צו־פּאסנ פאר א וווינונג און פּרעמירנ דערמיט יאשקענ, דעמ ברי־גאדיר פונ דער יוגנט־בריגאדע.

**יאשע:** דער צימער מײַנ פּרעמיע?! אוי, סאָניע, הורא!!! (כאפּט זי ארומ, טאנצנ, זינגענ ביידע א מעלאָדיע פונ א וואלס. סאָניע קוויטשעט, לאכט).

**סאָניע:** אוי, ווי דו טאנצסט! האָסט דאָכ מיר אָפּגעטראָטנ די פיס.

**יאשע:** עכ, סאָניע! איצט, אז איכ וועל האָבנ דעמ צימער, וועל איכ באווײַזנ נאָרמעס! מירנ ארבעטנ ווי די שיידימ! מײַנ בריגאדע וועט זײַנ די ערשטע אינ ראיאָנ.

**סאָניע:** און נאָך דער ארבעט וועלן מיר זיך ביידע גרייטן אינ ראב־פאק. קיינער וועט אונדז ניט שטערנ. כ׳טראָג באלד איבער אהער מײַנ קאָרזינקע מיט די ביכער. אָט וועט עס פאר דער מאמענ זײַנ א נײַס: מאמינקע, וועל איך זאָגנ, לאָמיר זיך געזעגענענ, איך גיי ווערנ א זעלבשטענדיקע. זי וועט לאָזנ א טרער און איך וועל מיטמאַמע אויך לאָזנ א טרער. נאָר וואָס זאָל מענ טאָנ, א שאָד די מאמענ, איר וועט זײַנ אומעטיק אָנ מיר.

**יאשע:** אנ אנטיק! מירנ זיך שוינ אײַנאָרדענענ טײַערינקע.

**סאָניע:** אָ. אָ. מיטיקנ—אפנ זאוואָד, אָוונט־בורויט וועלנ מיר אינ בופעט. דאָס געהאלט וועלנ מיר אויכנוצנ מיט א טאָלק... דו וועסט שוינ בא מיר מוזנ ווערנ קולטורעל! דאָס נעם איך שוינ אפ זיכנ!

**יאשע:** און אזוי בינ איך דענ ניט קולטורעל?

**סאָניע:** א פײַנע קולטור. דעם ערשטנ באקומסטו געהאלט און דעם פינפטנ לאָזטו שוינ ארויס א האלוואָע. מע דארפ לעבנ מיט א טאָלק! מיט א פראָמפינפלאנ!

**יאשע:** זײַ שוינ זיכער, סאָניטשקע!

**סאָניע:** אוי, ווייסט וואָס? מירנ זיך הײַנט ארײַנקלײַבנ און מאכנ א באנקעטל. מירנ אײַנלאדנ אונדזער גאנצע בריגאדע!

**יאשע:** מאָלאָדיעצ! מײַנ געדאנק! א באנקעטל מיט צוביײַסנ! מיט א... (גיט א קנאק מיטנ צונג) עמעס, סאָניטשקע? מע קענ?

**סאָניע:** נו, וויבאלד אזא סיטואציע, א נײַער צימער, מיינ איך, אז מע קענ.

**יאשע:** א. אָ. איכל קויפנ א פאָר ליטער ווײַסע.

**סאָניע:** א פאָר ליטער? מעשוגע. זיי וועלנ זיך אָנטרינקענ, ווי די העלפאנדנ, און וועלנ פאלנ, ווי די פליגנ. א האלבנ ליטער. גענוג. כ׳ל צומישנ מיט וואסער וועט סטײַענ. עכ, וועט עס זײַנ אנ אנטיק! די גאנצע בריגאדע זאָלסטו רופנ! יאָ? יאשקע! (פאוזע) וואָס־זשע שווײַגסטו? וואָס האָסט זיך פארקלערט? נו, רייד שוינ. אינמיטנ דערינענ אנטשטומט געוואָרנ.

**יאשע:** הא? א, יאָ. די בריגאדע?



**סאָניע:** נו, יאָ, רופ די גאנצע בריגאדע?

**יאשע** (אנזשלאָסנ): אָט וואָס! איכל די בריגאדע ניט רופנ. נא דיר צו־ריק דעם שליסל. איך דארפ ניט קיינ צימער. איך מאכ ניט קיינ באנקעטנ. איך רופ קײנעם ניט.

**סאָניע:** אוי, זע וואָס עפעס פלוצלונג? עפשער איז בא דיר א גריפ, גיב נאָר א טאפ טאָנ דעם שטערנ. דאכט זיך טעמפעראטור.

**יאשע:** די טעמפעראטור—אינ אָרדענונג. איך דארפ ניט קיינ צימער.

**סאָניע:** אוי, אוי, איך שרעק זיך פאר דיר, כ׳האָב מוירע. דאכט זיך, דו פארעדסט זיך.

**יאשע:** האָב קיינ מוירע ניט. איך ווייס וואָס איך רייד.

**סאָניע** (בייזלעכ): הער, יאשקע, דו ווייסט דאָכ. איך האָב ליב קלאָרע דיבורים. אויב דו האָסט כאראָטע און דו ווילסט ניט איך זאָל זיך אריבערקלײַבנ צו דיר, איז זאָג עס אָפנ. עפשער האָסטו ליב געקראָגנ אנ אנדערע? איך וועל דיר ניט אופווארפנ. מירנ בלײַבנ ווי פריִער אינ בריגאדע, ווי כאווײרים... (פאוזע). נו, רייד. אז ניט, גיי איך אוועק.

**יאשע:** שטיי! שטיי! סאָניע. וואָס רעדסטו? איכ׳ל דיר אפ קיינעם ניט פארבײַטנ! נאָר פונ צימער מוזנ מיר זיך אָפזאָגנ (גיט א זיפצ).

**סאָניע:** אָפזאָגנ? פארוואָס עפעס אָפזאָגנ זיך?

**יאשע:** איך וויל ניט, אז צוליב א צימער זאָל איך פארלירנ די פרײַנט־שאפט מיט דער בריגאדע. זיי וועלנ טײַנענ, אז איך בינ א שקור־ניק. זיך אפנ ערשטנ פלאנ.

**סאָניע:** נו, איז וואָס זאָל מענ טאָנ?

**יאשע:** דו ביסט אינ דער שטייגער־קאָמיסיע. מאכ מע זאָל זיי אפריִער באזאָרגנ מיט צימערנ. באסטא!

**סאָניע:** מע האָט דאָכ זיי פאָרגעלייגט מאכנ זיך א צוזאמענוווינונג? צופאסנ די אלטע מאָדעלנע. א גלעזערנער דאכ! לופט!

**יאשע:** בא דיר איז אלצ לופט! אָט גייענ זיי דיר אינ א צוזאמענוווי־נונג. זיי ווילנ דאָכ יעדערער א באזונדערנ צימער.

**סאָניע:** יעדערנ א באזונדערנ צימערל? עפשער מיט א ווײַב! און מיט

א ראַדיאָ? ווי זאָל מען זיי נעמען, אז בויען וועט מען ערשט
אין א יאָר ארום.

**יאשע:** וועסט מיך ניט איינרעדן, איך זאָג זיך אָפּ פון צימער.

**סאָניע:** טאָרסט זיך ניט אָפּזאָגן! ס'איז דײַן פּרעמיע! (קאַפּריזנע) איך
וויל ניט, איך וויל ניט. מירן דאָ ביידע וווינען! כ'האָב אזוי לאַנג
געוואַרט אָפּ דעם.

**יאשע:** וועלן מיר צוּוואַרטן נאָך אביסל ביז ס'וועט ווערן פּאַרטיק א
מויער.

**סאָניע:** און דעם צימער? ס'איז דאָך א שאָדן.

**יאשע:** דערפאַר וועל איך אָבער איינהאַלטן די פּרײַנטשאַפט מיט דער
בריגאַדע. פאַרשטייסט? (פּאַוזע) אוי, שאַ! א פּלאַן! אזא צימער.
18 אָפּ 13. כ'ל מאַכן דערפון א צוזאַמענוווינונג און זאָל די גאַנצע
בריגאַדע וווינען בא מיר. ביז מע וועט קריגן באַזונדערע צימערן.

**סאָניע:** א צוזאַמענוווינונג? זאָגסט דאָך אַליין, אז זיי ווילן ניט קיין
צוזאַמענוווינונג, נאָר באַזונדערע צימערן.

**יאשע:** אַוודאי ווילן זיי ניט, נאָר איכ'ל עס מאַכן אזוי, אז זיי וועלן
מוזן וועלן!

**סאָניע:** און איך? און דו?

**יאשקע:** דו זײַ נאָך דערווײַלע בא דער מאַמען, און איך מיט די יאַטן
אין צוזאַמענוווינונג. און, אז עס וועט ווערן פאַרטיק א מויער,
וועלן מיר שוין דעמלט מיט דיר אין א צימערל. עך! (קושן זיך).

**סאָניע:** נו לאַדנאָ. אויב ס'איז צוליב דער בריגאַדע, בין איך גרייט צו־
צוּוואַרטן. אָבער וויאַזוי וועסטו זיי אַרײַנציִען אין א צוזאַמענ־
וווינונג?

**יאשע:** ווי אזוי? אָט ווי אזוי: זיי ווייסן וועגן דעם, אז איך האָב גע-
קראָגן א צימער?

**סאָניע:** קיינער ווייס נאָך ניט.

**יאשע:** אהא. נו איז אָט. דו, גיי דערצייל אַלע מײַנע יאַטן, יעדן באַ־
זונדער, ווי פאַרבײַגייענדיק, אזוי און אזוי...

**סאָניע:** אזוי און אזוי?



**יאשע:** אז איך, יאשקע דער בריגאַדיר, בין א שקורניק.

**סאָניע:** א שקורניק?

**יאשע:** יאָ, יאָ, א שקורניק. און דערצייל, אז איך האָב געקראָגן א
צימער. אָט אזא צימער!

**סאָניע:** אַכצן אָפּ דרײַצן! דרײַ פענצטער, ווי די טויערן! הײַנט א קאָר־
באַטור! לויפט! לויפט!

**יאשע:** אָ! אָ! אָט אזוי.

**סאָניע:** נו, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען?

**יאשקע:** וועסט שוין שפּעטער זען.

**סאָניע:** אַך. און אונדזז וועט ווידער אויסקומען וואַרטן אזוי לאַנג אָפּ
א באַזונדערן צימער.

**יאשע:** מיר האָבן דאָך אָפּגערעדט? נו, איז טו, ווי איך הייס.

**סאָניע:** לאַדנע. ווי פאַרבײַגייענדיק, אזוי און אזוי? גוט. מירן שוין
זען, וואָס דערפון וועט אַרויס!

**יאשקע:** נו, טאָ לויף! (זיי צעקושן זיך).

**סאָניע:** איך לויף! (סאָניע אָפּ)

**יאשע** (בלײַבט אַליין. צו זיך): נו, ברודער. גרייט זיך אָפּ אַן אַטאַקע.
(א קלאַפּן אין טיר).

**יאשע:** אַרײַן! (ס'קומט אַן שימעלע) א, שימעלע! ביסט געקומען מיך באַגריסן
מיט מײַן נײַעם צימער? אַדאַנק ברודער!

**שימעלע** (שפּאַנט הילכיק איבערן צימער. ציילט אָפּן קאָל): איינס... צוויי...
דרײַ, פיר פינף, זעקס, זיבן, אַכט.

**יאשע:** וואָס טוסטו דאָס?

**שימעלע:** יאָ אַכצן אָפּ דרײַצן. טאַק.

**יאשע:** א, דאָס מעסטו דעם צימער?

**שימעלע:** טאַק. טאַק. טאַק. פײַן, פײַן. איז עס טאַקע דײַן צימער? א
גוטן! (וויל גיין).

**יאשע:** שטיי! וואָס ביסטו אזוי בייז? דאָס איז דאָך מײַן פּרעמיע.

**שימעלע.** א פּרעמיע? זיך א צימער—דער בריגאַדע א מאַקע? קלאָר.
אַן קאָמענטאַריעס! דאָווידזעניע.

יאשע: שטיי. מע האָט דאָך אײַך פאָרגעלייגט א צוזאמענוווינונג.

שימעלע: א צוזאמענוווינונג? דיאקו! אדאנק דיר אין שטערן. זיך א צימער און אונדז א צוזאמענוווינונג? זאלבעצווייט? איך וויל ניט זאלבעצווייט! איך וויל א צימער פאר זיך. איך וויל זיך לערנען! אַפּרוען! אליין א צימער. איך שטארב!

יאשע: שטארב ניט. איך גיב דיר א צימער.

שימעלע: דו רייצט זיך נאָך מיט מיר? האָסט פארגעסן, אז מײַן טאַטע איז א פארטיזאן?

יאשע: כ'לייקן ניט, א פארטיזאן. דערפאר טאקע גיב איך דאָך דיר א צימער.

שימעלע: א צימער? ווו? ווען?

יאשע: שוין. דאַ. אָט: איינס, צוויי, דרײַ,—זעסט? דרײַ פענצטער. איין פענצטער גיב איך דיר אָפּ.

שימעלע (געררייצט): א פענצטער? הער! איך פארפאָר דיר באלד אין בוידעם, אז דיר וועט ווערן פינצטער אין אלע פענצטער! א צימער מיט א פענצטער וויל איך!

יאשע: נו יאָ, א צימער מיט א פענצטער. שטעל א ווענטל וועסטו האָבן א צימער מיט א פענצטער.

שימעלע (צופרידן): א וואנט פון ברעטער? אַליאָ! א וואנט! א וואנט! (ער גייט ארום און מעסט די לענג און די ברייט), א ראיעלע פאָזיציע! מירן זיך פארפעסטיקן! א וואנט!—א קאפיטאלנע! א צווייענדיקע טראנשיי! רעכטס—דו. לינקס—איך.

יאשע: מירן א לעב טאָן ווי עס דארף צו זײַן!

שימעלע: מיליטעריש!! רעגלאמענט פאָלגענדער: אופשטיין זעקס אזייגער, זעקס פופצן—גימנאסטיק! זעקס דרייסיק—א קאלטע אײַנרײַבונג! זעקס פינף און פערציק פרישטיק! זיבן—לייענען א צײַטונג. אכט—אפן זאוואָד—אין בריגאדע. אָוונטיקער רעגלאמענט פאָלגנדער: אין שיסער־קרײַז—פינף! א שאָ רו—זעקס! אָוונט־קורכן—זיבן! פון זיבן ביז עלף שלאָגן זיך קאָפּ אָן וואנט. צוועלף אזייגער—שטיל, שטארב, טאָטשקא!



יאשע: שטיל, שטארב, טאָטשקא? אוי!

שימעלע: וואשן די דילן א טאָג איבער א טאָג. דיסציפלין. כאַזוערשע באַציִונג, אבסאָליוט!

יאשע: אבסאָליוט! שימעלע, אבסאָליוט!

שימעלע: היגיִענע אפן ערשטן פּלאַן! די פענצטער אָפן א גאנצן מעסלעס.

יאשע: א גאנצן מעסלעס? מאסקים.

שימעלע: דאָ וועט הענגען וואָראָשילאָוו! און דאָ—בודיאָני. דאָרט א פּראַכירע פארן ביקס, פאר דיר וועל איך אויך צווכן א בערדאן. איך וועל דיך מאכן פאר א סנײַפּער!

יאשע א סנײַפּער?

שימעלע: מיר מוזן אלע זײַן סנײַפּערס! דער פײַנט דרעמלט ניט. באם ערשטן מאָמענט—די ביקס אין די הענט! צו לאנדשוץ זײַ גרייט! נו!

יאשע: שטענדיק גרייט! שטענדיק גרייט! אוי!

שימעלע: וואָס פאר אן אויקען? וואָס פאר א קרעכצן? כ'האָב פײַנט צעקראָכנקײַט! ווײַבערישקײַט! מע דארף זײַן מיליטעריש! באוועגלעך! איך וועל דיך אונטערציִען! איינס־צוויי!... איך לויף! איך לויף!

יאשע: וווהין?

שימעלע: באקומען ברעטער.

יאשע: וואָס פארא ברעטער? ווו וועסטו באקומען?

שימעלע: הע. קעסט זיך שוין פארלאָזן אף מיר. איך לויף! איך לויף (קערט זיך אום), אך, יאָ. פארגעסן. בא מײַן טאטן פאראן א קאָמפּאס, ער האָט אים אראָפּגעצויגן פון אן אָפיצער. כ'וועל אים דיר שענקען. ניין, ניין. טאָרסט זיך ניט אָפּזאָגן. וועסט מיך אָבידיען צום טויט. נו, איז פרײַנטשאפט? פארטיזאנסקע?

יאשע: פארטיזאנסקע! (זיי גיבן זיך די הענט) איך מאך א באנקעטל. קום צוגיין. יאָ און וועגן דעם, אז איך גיב דיר א האלבן צימער—קיינעם קיין וואָרט ניט.

**שימעלע:** א מיליטערישער סאָד. קייוער! אליע! (אפ).

**יאשע:** עס פיקט! עס פיקט! איינעם האָב איך שוין. מיטן אָסאָוויִאָכים אָפגעפארטיקט. פו, נו. נאָר פאָרזיכטיק: סמעקאלקע!

(א קלאפ אין טיר. עס קומט ארײַן הירשקע. אָנגעכמורעט).

**יאשע:** א, הירשקע! זאָל לעבן די פראָלעטארישע פאָעזיע! היפ! היפ! אורא!

**הירש** (אָנגעכמורעט): ניט איבערצײַגנדיק צופאסלעריש..

**יאשע:** ווער איז א צופאסלער—איך?

**הירש:** איך האָב זיך אין דיר אנטוישט. געמיינט א בריגאדיר. אן איבערגעגעבענער פאר די יאטן. שוין געוואָלט שרײַבן וועגן דיר א פאָעמע. לאָזט זיך גאָר אויס... אך!... (ויפצט).

**יאשע:** וואָס לאָזט זיך אויס?

**הירש:** די רעשטלעך פונעם אלטן באוווסטזײַן לייגן אונדז נאָך אין דער ערד. (טראגיש) ניטאָ נאָך דער נײַער מענטש. ער ליגט נאָך אין דער פראָטאָפלאזמע. א בייזער יאָר אפ אים.

**יאשע:** וואס פאר א פלאזמע? וואָס זידלסטו זיך?

**הירש** (פילאָסאָפיש): ניין, איך גלויב, ער וועט נאָך קומען, דער נײַער מענטש. מיר וועלן אים שאפן! מיר'ן אים באווײַזן פאר דער וועלט: נאט! זעט! אָט איז ער! אָן קליינלעכקײַט! אָן באלעבעסלדיקײַט! אופריכטיק אונ פראָסט! א בייזער יאָר אפ אײַך!

**יאשע:** וואָס זידלסטו זיך?

**הירש:** דערפאר, וואָס דו ביסט א צווייפענעמדיקער. אפן זאוואָד—מיר! מיר! שלאָגלער! הורא! אונ דאָ?..? אליין פאר זיך! מיר מאטערן זיך אונ ער? אכצן אפ דרײַצן! דרײַ פענצטער! קובאטור!

**יאשע:** פונוואנען האָסטו זיך דערוווסט?

**הירש:** מיר דארף מען קיין פינגער ניט ארײַנלייגן. אינטויִציע!

**יאשע:** שלעכט ארבעט בא דיר די אינטויִציע...

**הירש:** ניין, ניין, מײַן אינטויִציע איז מײַן טרײַסטער פרײַנט! ס'איז מײַן ווײַב! מער ניט—עך! ניטאָ ווו צו שרײַבן... פון בופעט



האָט מען מיך ווידער ארויסגעטריבן... כ'האָב שוין קימאט פארענדיקט דעם פערטן קאפיטל, האָט זיך צוגעזעצט לעבן טיר א מיידל אונ פארגאָסן מיט מאָרס מײַן גאנצע פאָעמע.

**יאשע:** האָסט ניט ווו צו שרײַבן? גיי אין שטאָטישן לייענזאל.

**הירש:** מע האָט מיך שוין פונדאָרטן אויך ארויסגעטריבן. זיי זאָגן, אז איך שרײַ, איך שטער זיי לייענען. אידיִאָטן! זיי פארשטייען ניט, אז מען שרײַבט א ליד מוז מען עס פרוּוון אפן קאָל, אפן צונג, די פאָנעטיק, דעם קלאנג, דעם גראם.

**יאשע:** אהא, איך פארשטיי, דו יאָגסט זיך דאָרט ארום נאָך די גראמען?

**הירש:** פע, איך יאָג זיך ניט נאָך זיי, בא מיר זײַנען גראמען, ווי די הינט. איך גיב נאָר א פײַף, פליִען זיי אָן, ווי די היישעריקן. אונ אלע אָריגינעלע אונ פרישע, ווי די אוגערקעס. עך, וואָלט נאָר זײַן ווו צו שרײַבן.

**יאשע:** הירשעלע.

**הירש:** הא?

**יאשע:** זאָרג ניט, וועסט האָבן ווו צו שרײַבן. איך וועל דיך אײַנאָרדענען.

**הירש:** אײַנאָרדענען? ווו צו שרײַבן? מיך?

**יאשע:** איך. קורץ, איך גיב דיר א צימער.

**הירש:** א צימער? דו? מיר? א צימער?

**יאשע:** דיר א צימער. דארפסט האָבן ווו צו שרײַבן. וואָס דען. איך פיל דיר ניט מיט?

**הירש:** ריכטיק! ריכטיק! אָבער וויִאזוי?

**יאשע:** גאנץ פאָשעט. ווי א פרײַנט, ווי א כאווער פון בריגאדע. קוק, דרײַ פענצטער. איינעם גיב איך דיר אָפּ. שטעל א ווענטל, קנאק פאָעזיע!

**הירש:** (איג עקסטאז): יאשע! יאשע! דו, דו! ביסט עס! דו!

**יאשע:** וואָס, ווער בין איך?

**הירש:** דאָס ביסטו, דאָס ביסטו דער טיפ! דער טיפ פון מײַן פאָעמע!

דער נײַער מענטש! ער איז דאָ, א בייזער יאָר אפ אײַך! אָט איז ער! אָט איז ער! נאס, זעט! אָנ קלײנלעכקײַטנ! אָנ באלע־בעסלריקײַט! אופריכטיק אונ פראָסט! כ'האָב געפילט מיט דער אינטויִציע, אז דו ביסט דער ריכטיקער יאט! א מוסטער!

**יאשע:** גיי שוינ, גיי!

**הירש:** עכ, וועלנ מיר עס מאכנ א לעבנ. דו וועסט זיכ לערנענ, איכ וועל שרײַבנ לידער. ווייסט? אינ קאָפּ איז שוינ בא מיר פאר־טיק די גאנצע פּאָעמע וועגנ דיר. ס'איז אינ א עפּישער פאָרם. טא־טא־טא־טא־טא־טא. עפּאָפּ־יאאא! ס'איז וועגנ ווינטערדיקנ דורכרײַס, וואָס מיר האָבנ ליקווידירט. דראמאטיש, א מאגניטבוי! אָנ ווײרעלעכ! אָנ צאצקעס! ווייסט דאָכ, איכ האָב פײַנט די קורצשורעדיקע, לאנגהאָריקע פּאָעטנ. זיי זײַנענ אינטעליגענטנ, א בייזער יאָר אפ זיי. פונ זיי וועט שוינ גאָרנישט ארויס. בא זיי איז אלצ פליר־פליו, פליר־פליו! אפ יעדער שורע ספּאָטיקעט מענ זיכ. בערגעלעכ, גריבעלעכ, טרעפּעלעכ, טפו! איכ האָב ליב א ליד זאָל זײַנ ברייט, ווי א שאָסיי. גלאט אספאלטירט! פּאָרט געזונטערהייט! גלײַכ אינ סאָציִאליזמ!

**יאשע:** געטראָכט! איכ בינ אויכ א מיטגליד פונ אווטאָדאָר.

**הירש:** אָ, אָ! איכ האָב ליב דער לייענער זאָל האנאָע האָבנ, אונ דער אווטאָדאָר זאָל צופרידנ זײַנ. ווי? דו בעטסט מיכ, איכ זאָל דיר איבערלייענענ? לאדנע, איכ וועל דיר ניט אָפּזאָגנ. אָט, הער:

**יאשע:** ווער בעט דיכ, ניינ, ניינ! מע דארפ ניט.

**הירש:** ניינ, הער נאָר סארא ריטמ (ער לייענט):

אינ מעכאנישנ צעכ האָט א גרויסער פארדרוס זיכ פארשפּרייט,
ווי מיט וואָגיקע כמארעס.
א דורכרײַס א טיפער גראָבט אונטער דעמ פלאנ אונ דער גאנצער
זאוואָד אינ געפאר איז.
אונ שולדיק איז נאָר די טשוהונ־גיסערײַ, זי פארפלייצט מיט איר
בראק אלע צעכנ.
דער טשוהונ איז מיט זאמד אונ מיט בלאָטערס צעפּאָקט,



אונ באמ טאָקנ ער בראָקט זיכ אונ לעכערט.
ער צעשפּאלט זיכ, ווי אײַז, בא דעמ שלאָסער אינ האנט,
אונ באמ עקבער אפ שטיקער צעפליט ער.
באמ נאזשדאק אונ באמ פײַל אונ באמ פרעזערשנ ראנד
נאָר ער קריצט אונ ער שפּריצט אונ ער שפּליטערט.
שוינ פארלעגערט דער דיל איז מיט בראק אונ מיט ברוכ
אונ ניטאָ איז וווהינ זיכ א קער טאָנ.
מע האָט וועגנ דעמ שוינ געטײַנעט גענוג, נאָר עס העלפט ניט
קיינ רייד אונ קיינ ווערטער.
אינ צעכקאָמ אונ אינ שטאב פונ בריגאדעס די זיצונגענ זײַנענ
ביז ביינ שוינ דערעסנ,
מע האָט שוינ די גיסערס אינ צײַטונג פארשווארצט,
נאָר דער בראק ווערט אלצ גרעסער אונ גרעסער.
עס גייענ ארומעט פארכמורעט די שלאָגלער,
זיי טראָגנ א ווייטעק אינ הארצנ.
עס איז ביטער אונ שלעכט אָנ א נוצ, אָנ א זינ,
בא מאשינענ בא טויטע צו שטארצנ.
אז א מעכטיקער צופלוס פונ ווילנ אונ קראפט
איז בא אונדז, בא די שלאָנלער, פאראנענ,
דער גערולד איז געדיכט אונ איז הארט, ווי דער ארצ,
אונ די הענט זײַנענ גרײַפנדע קראנענ.
נאָר עס דרייענ זיכ רעדער אומזיסט אונ אומנישט,
אונ עס הילכנ אפ פוסט די מאשינענ.
עס גייט אויסעט דער טעמפּ אונ דער קערנקאָסט וואקסט
אונ די טעג אינ פארלוסטנ צערינענ.
אונ שולדיק איז נאָר די טשוהונ־גיסערײַ,
עס איז גרויס קעגנ לאנד איר פארברעכנ.
זי פארפלייצט אונדז מיט ברוכ אונ מיט בראק ביזנ ראנד
אונ רײַסט אונטער דעמ פלאנ פונ די צעכנ.
(ער ווישט זיכ דעמ שווייס) פו, בעניִאל??!

**יאשע:** דאָס איז שוין קימאט געניאַל.

**הירש:** ס'וועט זײַן א מאגניטאָבוי?

**יאשע:** דער פונדאמענט קימאט פאראן. אָן בראק, ריינער טשוהון.

**הירש:** טשוהון? פערד! שטאָל! געהארטעװעטער און געגליטער! הערסט ניט לויטן קלאנג? טא־טא־טא, טא־טא־טא! מעטאל! עך, וועלן מיר עס מאכן א לעבן! דו וועסט מיר העלפן אין פאָליטישן קרייז, איך וועל דיר לייענען לידער.

**יאשע:** לייענען לידער? גוט, אָבער ניט יעדן טאָג.

**הירש:** לאדנאָ, א טאָג איבער א טאָג. צו וואָס זאָל איך דיך מאַטערן! נאָר כאווערישו! מירן זיך העלפן, טאָמער וועל איך ניט האָבן קיין געלט, וועל איך בא דיר נעמען, טאָמער וועסטו האָבן געלט, וועסטו מיר געבן.

**יאשע:** נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען. דערווײַל גיי. איך האָב נאָך א שטיקל ארבעט אָפּצוטאָן.

**הירש:** ווארט, איך וועל נאָר איבערלאָזן מײַן בעטגעוואנט (ער נעמט ארויס צוויי צײַטונגען). אָט די צײַטונג—דאָס איז מײַן מאטראץ און אָט די צײַטונג—דאָס איז מײַן קאָלדרע. לייג עס אוועק אף א ריינעם אָרט, עס זאָל זיך ניט פארשטויבן.

**יאשע:** נו, קײַקל זיך שוין ארויס. יאָ, נאָר קיינעם וועגן דעם קיין וואָרט ניט.

**הירש:** א לאבאָראטאָרישער סאָד, זײַ זיכער! אף ווידערזען! (גייט צום טיר, שלאָגט זיך אָן מיט שימעלען, שימעלע שלעפּט ברעטער). זע, שימעלע, וואָס שלעפּסטו דאָרט?

**יאשע** (ווינקט שימעלען ער זאָל שווײַגן): דאָס איז ברעטער אף א טיש אף א באנק.

**שימעלע:** וואָס פארא טיש?! ס'איז דאָך אף א וואנט. מיר שטעלן דאָך א...

**יאשע** (ווינקט צו שימעלען): וואָס בעבעסטו, וואָס פארא וואנט?

**שימעלע:** א... ע... וואָס פארשטייסטו ניט?.. כאווײרים זײַנען מיר?..



**יאשע:** נו איז וואָס?

**שימעלע:** טראכט איך מיר, האָסט געקראָגן א צימער, טאָ האָב שוין א ווײַב אויך.

**הירש:** אוי, האָסטו אים געבראכט א ווײַב אויך?

**שימעלע:** ניין, איך האָב בלויז געבראכט ברעטער אף א וואנט. וועט זײַן א שלאָף־צימער. נו, און א ווײַב זאָל ער זיך שוין אליין צוזוכן.

**יאשע** (גרינגער): א־א־א־א־ אדאנק! אדאנק! (צום אוילעם). דער רועך האָט אים אָנגעטראָגן.

**שימעלע:** וואָס?

**יאשע:** איך זאָג ס'ארא סאך ברעטער דו האָסט אָנגעטראָגן.

**הירש:** ביסט א יאט, שימעלע! (צו יאשען) זײַנען מיר שוין מיט ברעטער אויך באזאָרגט. א וואנט וועט זײַן—אָ! (צו שימעלען) שימעלע. ביסט געניאַל! (צו יאשען) ער האָט אונדז פארשפּאָרט אַן ארבעט. (צו שימעלען) עך, שימעלע! איך וועל דיך ארײַננעמען אין מײַן פּאָעמע! אומבאדינגט! נו, איך לויף, איך פלי!

**יאשע:** איך מאך א ליאמע, קום צוגיין!

**הירש:** אומבאדינגט.

**שימעלע:** א ליאמע? באם טאטן איז ערגעץ פארפורקעט א פלעשל ווישניק. איך וועל עס ווי ניט איז אָפּציִען! אַן אנטיק! (הירש און שימעלע אָפּ. עס קומט אָן סאָניע).

**יאשע:** נו, האָסט אלעמען איבערגעגעבן?

**סאָניע:** אָט וועגן דעם בין איך טאקע געקומען. כ'האָב דערציילט צעמאכן, ארקען, מוישען. ארקע האָט עס דערהערט, איז ער געוואָרן בלייך. ארויסגעשפּארט די אויגאנעס, געכאפּט דעם נאהאַן, אָנגעהויבן ארומלויפן איבערן צימער מיט א געשריי: מיר א טויט, אָדער אים א טויט! מיט א פוליע אין בויך! כ'האָב זיך דערשראָקן צום טויט.

**יאשע:** וואָס רעדסטו?

סאָניע: א יאס א היציקער, קום אוועק פונדאנען. ער קען נאָכ באלד אָנקומען. (ביידע שנעל אָפּ).

(עס לויפט אריינ ארקע א צעשפּיליעטער. מיט א צעשויבערטנ קאָפּ. אינ האנט א נאהאנ).

ארקע: מיר א טויט, אָדער אים א טויט! מיט א פּוליע אינ בויכ! (ער קוקט זיכ ארום) זע, קיינער ניטאָ (שפּייט ארס) אומזיסטע ענערגיע (ער גיט א פּלעסק מיט די הענט) בליומע, קום ארייַנ! מע קענ (בליומע קומט ארייַנ).

בליומע: אוי, אפּריִער נעם צו דעם נאהאנ.

ארקע: שרעק זיכ ניט.

בליומע (פּארחוּנדערט): טוינ? אזוי גיכ?

ארקע: קיינע עפעקטנ. אָנ רעזולטאטנ.

בליומע: עס דערגייט דענ ניט? עס ווירקט דענ ניכ?

ארקע: עס וואָלט שוינ דערגאנגענ, נאָר דער צושויער יאשקע איז ניטאָ. איכ בינ שוינ געווענ אינ דער ראָל, שוינ ארויס טרערנ פונ די אויגנ! דער בעסטער סימענ פונ עקסטאז! קולמינאציאָנער פונקט!!!

בליומע: אכ, קונסט! בינ איכ דיר מעקאנע, וועסט זייַנ אנ אקטיאָר! אפ דער בינע! אכ! ווענ איכ וואָלט דאָס...

ארקע: אכ, אָכ! נאָר אָנ זיפצעניש! כ'האָב דיר געזאָגט, וועסט זייַנ אנ אקטריסע. גלויב! איכ וועל זייַנ דייַנ שעפ. כ'וועל מיט דיר רעפּעטירנ!

בליומע: ארעלע! וועל איכ דיר דערפאר האָלט האָבנ.

ארקע (קריכט איבער): האָאָלט, האָאָלט! האָלט האָט א פּויערשע מיידל, א שטאָטישע מיידל האָט ליב. קונסט פאָדערט דיאַלעקטיק! א מאטעריאליסטישנ צוגאנג!

בליומע: עס איז עפּעס א שווערער צוגאנג?

ארקע: ניט שווער. מע דארפ נאָר קולטור! דו דארפסט זיכ נאָכ אָנ-שעפנ.

בליומע: איכ וועל זיכ אָנשעפנ! איכ וועל זיכ אָנשעפנ!



ארקע: ווארום מיר דארפנ אקטיאָרנ מיט פּראָלעטארישע לונגנלעבערס! דארפסט נאָכ אנטוויקלענ די גראציע! די פּלאסטיק! אוועקגעשטעלט א פוס, דארפ עס זינגענ! הארמאָניע!

בליומע: הארמאָניקעס האָב איכ ניט ליב. מיר געפעלט מערער א פּידל א גראמאָפאָנ.

ארקע: דו דארפסט איינשטעלנ די קאלאראטורע אפ דער דיאפראגמע! די פאָנעטיק מיט דער דיקציע זאָלנ קלינגענ! אָ! ע! ררררר! ררר!! עס דארפ גיינ פונ דער דיאפראגמע!!! דערהויפּט עמאָציעס! עמאָ-ציעס!

בליומע: עמאָציעס? א גרויסער קונצ.

ארקע: א קונצ? אָט שטעל זיכ פאָר: א נאכט מיט א לעוואָנע, א באנק מיט א בוים. ער אונ זי. ער:—איכ.—זי.—דו. ער: אָ, איכ וויים! דו ליבסט מיכ ניט מער! האָסט זיכ צוגויפגעשמעקט מיט יאשקענ! זמעניאיעסט מיר! אָ!!! זי:—ס'הייסט דו. איכ? קיינמאָל ניט! זאָל איכ קרענקענ! פאלט אים אפנ האלדז—גיט אים א קוש. נו, פּרוּוו.

בליומע: איכ? זאָל איכ קרענקענ! (גיט אים א קוש).

ארקע: ס'טויג אינ דרערד. ס'איז ניט קיינ קוש. האָסט נאָר א לעק געטאָנ, ווי מע גיט א לעק א מארקע. אָנ עמאָציעס! אָנ לעבנ! נאָכאמאָל! (בליומע פּרוּווט ווידער).

ארקע: נננו! דאָס איז שוינ אביסל בעסער. ווארעם א קוש דאָס איז א גאנצע וויסנשאפט! יעדער קושט זיכ אפ זייַנ אויפנ. עס ווענ-דעט זיכ לויט דער סיטואציע, טעמפּעראמענט, סאָציאַלער אָפּ-שטאמונג א. א. וו. פארליבטע קושנ זיכ אזוי: (דעמאָנסטרירט) מאנ אונ ווייַב: אָט אזוי: (דעמאָנסטרירט) אנ אינטעלעגענט מאכט דער-ביי אינטעליגענטישע שטיק: (דעמאָנסטרירט). א פּראָלעטאריער קושט זיכ זאכלעכ אונ פּראָסט, ווי מע פּייַלט אָפּ א הייַקע. נאָר אָנ שטאמפּ! ווארום קונסט, דאָס איז עמאָציעס! פּליוס מאטעמא-טיקע!

בליומע: אוי, פאר מאטעמאטיקע האָב איכ מוירע.

**אַרקע:** האָב קיין מוירע ניט. דערהויפּט איז טעכפּעראַכענט! אָט א פּאַריזשער אַפּאַש! ער גיט א כאַפּ זײַן זשאַנעט אָט אַזוי אָ! פּאַרג עלנבויגן! די ביינדעלעך זאָלן טרעשטשען! (ער דעמאָנסטרירט).

**בלִיום:** אוי, מײַן האַנט!

**אַרקע** (דעמאָנסטרירט): ער גיט איר א שלעפּ צו, א קוש אָפּ, און א טראַסק אָן דר'ערד! איינס צוויי! בליץ־שנעל! מאַטעמאַטיקע!! טעמפּעראַמענט!

**בלִיומע** (ליגנדיק אַפּ דר'ערד): אוי, איך האָב מיר שיר ניט אויסגעבראָכן א פוס.

**אַרקע:** ניט געפערלעך, וועסטו אײַנשטעלן די פּלאַסטיק, וועסט קיין פוס ניט ברעכן, נו נאָכאַמאָל!

**בלִיומע:** אוי. מאַך עס בעסער ווי א פּראָלעטאַריער. ווי אַן אַפּאַש האָב איך מוירע.

**אַרקע:** מוירע שמוירע, אַן אַקטריסע דאַרף זײַן דרייסט!

**בלִיומע:** וואָס רעפּעטירן מיר נאָר אַפּ קושן זיך? לאָמיר אַפּ וואָס ניט איז אַנדערש.

**אַרקע:** האָב בעדולד. באַלד וועט קומען יאַשקע, וועלן מיר מיט אים א שפּיל טאָן אַזוי, אַז מיר זאָלן אויסשפּילן בא אים א צימער. וועלן מיר שוין דאַן האָבן וווּ צו וווינען און ווּ צו רעפּעטירן. וועסט נאָך זײַן אַן אַקטריסע, אַז דער רוח וועט דיך נעמען.

**בלִיומע:** אַן אַקטריסע? אַפּ דער בינע? אַך!

**אַרקע:** אוי, שאַ, אָט גייט ער אַליין. יאַשקע. נו, קײַקל זיך אַרויס טײַערינקע. אַליע־העפּ!

(בליומע אָפּ. אַרקע מאַכט א ווילדן אויסזען, ער פּאָכעט מיטן האַנט, שרײַט. מיר א טויט אָדער אים א כויט! עס קומט אַרײַן יאַשע).

**יאַשע:** אוי, אָט איז ער. זעט. מיט א נאַהאַן. ער שפּילט שוין קאָמע־דיע. ער וויל מיך אָפּשרעקן.

**אַרקע:** אאאאאא!!!! אָט ביסטו! דיר א טויט אָדער מיר א טויט! מיט א פּוליע אין בויך!



**יאַשע:** שטיי! שיס ניט, וואָס ווילסטו!

**אַרקע** (שרײַט): איך וויל דעם טויט! דעם טויט! איידער אַזאַ לעבן בעסער א בעסערן. טפו: מיינ איך דעם טויט! מיט א פּוליע אין בויך!

**יאַשע:** שטיי, וואָס האָסטו צו מיר?

**אַרקע:** פרעגסט נאָך?! האָסט בא מיר אַרויסגעכאַפּט דעם צימער. מע האָט מיך געדאַרפט פּרעמירן, האָט מען דיך פּרעמירט! אָ! אומ־רעכט! דער טויט איז מיר ליבער! (צעשפּיליעט דעם רעקל, שטעלט דעם נאַהאַן צום בויך).

**יאַשע:** ער שיסט זיך אין בויך! שטיי, אַרקע! איך גיב דיר א צימער! שטיי! שיס ניט!

**אַרקע:** לײַגסט, לײַגסט! ניין! דעם טויט! פאַרבלײַט געזונט! מײַן לעצ־טער גרוס דער זון, דער ערד, מײַן לעצטער גרוס די ביימער מיט די קאַנאַריקלעך! אַדיע, מײַן טײַערע בליומע! ווײַן! ווײַן!
(ער שיסט זיך אין בויך, פאַלט).

**יאַשע** (וואַרפט זיך פאַרצווייפלט): אוי, וואָס האָסטו געטאָן! אַרקע! (אַרקע קרעכצט) אוי, ער לעבט נאָך, ער לעבט!.. ס'קלאַפּט נאָך דאָס האַרץ! א דאָקטער, א דאָקטער!

**אַרקע** (קוים וואָס מע הערט): מע דאַרף ניט. מײַנע מינוטן זײַנען שוין געציילטע.

**יאַשע:** ניין, ניין! וועסט לעבן! וועסט לעבן! כ'וועל ניט דערלאָזן, אַז שלאָגלער פון בריגאַדע זאָלן שטאַרבן! מירן נאָך אַרבעטן צוזאַ־מען! איך גיב דיר א האַלבן צימער!

**אַרקע** (מיט א שוואַכן קאָל): זאָגסט עס אַפּ אַן עמעס? שווער.

**יאַשקע:** זאָל איך געהאַרגעט ווערן! (אַרקע שפּרינגט אויף צעפרירן).

**אַרקע:** כ'האָב א צימער! כ'האָב א צימער!

**יאַשע** (שפּאַרט אים צו דער ערד): אוי, דו טאָרסט ניט... ליג! כ'וועל רופן א דאָקטער.

**אַרקע:** מען דאַרף ניט קיין דאָקטער. לאָז! שוין דערעסן ליגן.
(וויל אופשטיין).

**יאשע:** ליגנ! איכ הייס!

**ארקע:** האק ניט קיינ טשײַניק! לאָז! (ער שפרינגט אופ).

**יאשקע:** ס'איז דאָכ געפערלעכ! האָסט דאָכ ארײַנגעשאָסנ מיט א פוליע אינ סאמע בויכ!

**ארקע:** מעשוגע! אינ אזא פאגאָדע וועל איכ זיכ טרײַבנ פוליעס אינ בויכ? דער לעבנ איז מיר נאָכ ניט דערעסנ. אינדרויסנ איז שוינ צײַטיק עפל, ארבוזנ! וועל איכ זיכ שיסנ? פערד! אפנ זאוואָד וואַרט נאָכ אפ מיר א פרעמיע!

**יאשע:** אוי, אונ איכ האָב שוינ געמיינט זעלבסטמאָרד.

**ארקע:** זעלבסטמאָרד? מע זאָל מיכ אויסשליסנ פונ קאָמסאָמאָל? אדאנק.

**יאשע:** טאָ וואָס האָסטו געשריִענ ווי א פארכאפטער? מיט א פוליע אינ בויכ, מיט א פוליע אינ בויכ!

**ארקע:** אינ בויכ, וואָס דענ אינ תארצנ? איכ האָב פײַנט אינ הארצנ. ס'איז שטאמפ! באנאל! מיר פראָלעטארישע אקטיאָרנ זוכנ נײַע וועגנ אינ דער קונסט! אינ הארצנ שיסט זיכ יעדער בורזשואזער אקטיאָר. ס'איז אנ אויסגעפאָרענער אָרט. אלע שיסנ זיכ אהינ. אָט אינ בויכ—דאָס איז פריש אונ אָריגינעל! עפעקט! מע קענ זיכ מאטערנ פארנ פובליקום, מאכנ קאָנוווּלסיעס, קרעכצנ, א פאָר מאָל פונ ווייטעק א דריגע טאָנ מיט דער פוס, א טראסקע טאָנ מיטנ קאָפ אָנ דר'ערד אונ אויסגעהויכט די נעשאָמע. נאָר אָנ שטאמפ! טעמפעראמענט! מאטעמאטיקע פליוס עמאָציעס!

**יאשקע:** גיי אינ דר'ערד מיט דײַנע עמאָציעס.

**ארקע:** וואָס, ברודער, כ'האָב דיכ גוט איבערגעשראָקנ?

**יאשקע:** מיינסטו כ'האָב ניט געוווּסט, אז דו שפילסט קאָמעדיע? וואָלסטו מיכ בעסער א בעט געטאָנ אזוי אונ אזוי, וואָלט איכ דיר אויכ אָפגעלאָזנ א האלבנ צימער.

**ארקע:** בעטנ זיכ? פע. איכ נעם עס מיט דער קונסט! גיפ! גיפ! אורא! איכ האָב א צימער! איכ האָב א צימער! כ'לויפ נאָכ דער בור־טאפאָריע! (ער קריכט דורכנ פענצטער. יאשקע כאפט אימ פארנ פוס).



**יאשקע:** שטיי, וואָס קריכסטו עפעס דורכנ פענצטער? ס'איז דאָכ פאַראנ א טיר.

**ארקע:** א טיר? אנ אויסגעטראָטענער וועג. שטאמפ! לאָז אָפ. אדיע!

**יאשקע:** קומ אפ דער ליאמע! ברענג וואָס ניט איז!

**ארקע:** א ליאמע? אנ אנטיק! כ'וועל ברענגענ (ער שפרינגט דורכנ פענצטער).

**יאשקע:** (בלײַבט אליינ) פו, מיט קאטשאלאָונ בינ איכ שוינ אויכ פאר־טיק. האָב איכ שוינ דרײַענ. (א קלאפ אינ טיר). שא, וועמענ טראָגט עס איצט דער רועכ? אהא, דאָס גייט די טעכניקע. נו, צו דער ארבעט. פאָרזיכטיק. סמעקאלקע! (עס קומט אָנ צעמאכ שטארק טרויעריק).

**יאשע:** א, צעמאכ, וואָס הערט זיכ מיט דער טעכניקע? (צעמאכ שװײַגט). פארוואָס ביסטו נעכטנ ניט געווענ אפנ קרײַז?

**צעמאכ:** געווענ ניט געזונט.

**יאשע:** וואָס איז בא דיר געווענ?

**צעמאכ:** בא מיר איז גאָרניט געווענ. אפילע קיינ קאָפקע בא דער נעשאָמע. קיינ מיטיק ניט געגעסנ. נו, האָב איכ זיכ געפילט ניט געזונט.

**יאשע:** הונגערסט שוינ ווידער? אונ ווּ האָסטו אהינגעטאָנ די סכירעס?

**צעמאכ:** זי האָט בא מיר אָפגענומענ די גאנצע פאָלוטשקע.

**יאשע:** ווער איז דאָס די זי? האָסט דענ א ווײַב?

**צעמאכ:** וואָס פארא ווײַב? איכ רייד וועגנ דער ראדיִאָסטאנציע. איכ האָב געוואָלט אָנשטעלנ אפ א קורצער כוואליע, האָבנ איבער־געברענט די פראָוואָדנ איבערנ גאנצנ זשאקט. נו, האָט מענ מיכ שטראפירט אונ ארויסגעוואָרפנ פונ זשאקט.

**יאשע:** עכ! ווייסט וואָס? איכ אָרדנ דיכ אײַנ בא מיר אפ קוואַרטיר.

**צעמאכ** (הייבט זיכ אָנ ווערגנ): אוי, יאשע, מיר א צימער?! טאקע?!

**יאשקע:** מירנ שטעלנ א ווענטל; דיר א צימער, מיר א צימער.

**צעמאכ:** אכ, יאשקע! ווייסט גאָר ניט וואָס מירנ טאָנ! הער!

**יאשע:** אשטייגער?

**צעמאכ:** ערשטנס—ראדיִאָ! מירנ זיכ פארבינדנ מיט די ווײַטסטע פונקטנ! אינדיא! אווסטראליא! בירעבידזשאנ! נאָוואיא זעמליא!

יאשע: נאָוואיא זעמליא? אָהאָ, פארקראָכנ אביסינקע.

צעמאכ: א פיזישער קאבינעט! עלעקטראָפיקאציע! עקספערימענטנ!

יאשע: אוי, ער מאכט שוינ עקספערימענטנ. שלעכט.

צעמאכ: מירנ ארבעטנ צוזאמענ איבער מײַנ פּראָיעקט וועגנ באפארבנ די דעטאלנ!

יאשע: לאדנאָ, צעמאכל, מירנ פארבנ אפ וואָס די וועלט שטייט. נאָר איצטער גיי, איכ בינ פארנומענ, אונ וועגנ דעם, אז מיר טיילנ זיכ אָפּ העלפט, קיינעם קיינ וואָרט ניט, קום הײַנט אפ דער ליאמע.

צעמאכ: אוי, ווארט, לאָז, איכ וועל דיכ א קוש טאָנ. (צעמאכ אָפּ. הינטערנ טיר א טומל. עס קומט אָנ מוישע).

יאשע: אהא, די מאסע גייט שוינ! מוישע די מאסע! די שווערע ארטילעריע (מוישע קומט ארײַנ). א, מוישע, פונ וועלכע קאנטנ?

מוישע: נאָר אָנ דעמאגאָגיע! פארטונקל ניט מײַנ מאסעווע באוווסטזײַנ! האָסט געקראָגנ די קובאטורע אונ דו מאכסט א שווײַג!

יאשע: וואָס פאר א קובאטור? ווער האָט דיר דערציילט?

מוישע: פונ דער מאסע וועסטו ניט אויסבאהאלטנ. סאָניע האָט דערציילט, אכצנ אפ דרײַצנ. זאָגט זי.

יאשע: איכ לייקנ ניט. מע האָט מיכ פרעמירט.

מוישע: אהא! צוגעשפארט צו דער וואנט!? אראָפּגעריסנ די מאסקע? זאָל די גאנצע מאסע זענ! אָט איז איר בריגאדיר אינ גענדזנפיסלעכ!

יאשע: וואָס פאר א גענדז? וואָס פארא א פיס?

מוישע: פארטונקל ניט מײַנ מאסעווע באוווסטזײַנ. רײַסט זיכ פונ דער מאסע? זינקסט אינ זומפּ? בורזשואזער איבערגעבורט? א באזונדערנ צימערל? איכ וועל ניט דערלאָזנ! נאָר א צוזאמענ־ווינונג. נאָר א צוזאמענוווינונג!

יאשע (צו מוישענ): שא, לאָמיר זיכ צונויפרײדנ.

מוישע: קיינע אונטערהאנדלונגענ. מאסנ־פּאָליטיק! א צוזאמענוווינונג!

יאשע (צום אוילעם): אוי, ער רעדט דאָכ צו דער זאכ. (צו מוישענ)



נארעלע, צו וואָס א צוזאמענוווינונג? לאָמיר בעסער דעם צימער טיילנ צווישנ זיכ אפ העלפט. דיר א צימער, מיר א צימער!

מוישע: א? די מאסע ווילסטו אונטערקויפנ?!! מירנ דיכ דעמאסקירנ! אראָפּרײַסנ פונ טריבונע! אינדיווידואליזם?!

יאשע: אוי, אינדיווידואליזם! ניינ, ניינ, וואָס רעדסטו!

מוישע: ווער האָט דיכ ארויסגערוקט פאר א בריגאדיר? מיר, די מאסע.

יאשע: איכ האָב שטענדיק געהאלטנ פונ דער מאסע.

מוישע: ווער פילט אויס די נאָרמעס? מיר, די מאסע!

יאשע: איכ לייקנ ניט.

מוישע: מיר וועלנ ניט קוקנ. וואָס דו ביסט אפנ טריבונע! מירנ דיכ לייגנ אינ דר'ערד! א צוזאמענוווינונג אָדער קאפּיטולאציע!

יאשע: טײַערער! צו וואָס א צוזאמענוווינונג, עס וועט קאָכנ ווי אינ א קעסל!

מוישע: נאָר אינ א קעסל! קאָלעקטיוו! ביסט אנ אנארכיסט! אנ אינדיווידואליסט! קאוטסקי! בערנשטיינ!

יאשע: זידל זיכ ניט. כ'וויל אויכ א צוזאמענוווינונג. כ'האָב א געוויסע טאקטיק.

מוישע: קיינע טאקטיקעס ניט! א מאסנ פּאָליטיק! כ'לויפ אלעמענ דערציילנ, אז מיר מאכנ א צוזאמענוווינונג!

יאשע: שטיי! פירסט מיר איבער די גאנצע שפּיל. כ'וועל מאכנ א צוזאמענוווינונג. א סאָפּ!

מוישע: צוזאָגענישנ? זיסע ריידעלעכ?! ס'וועט זיכ דיר ניט אײַנגעבנ!

יאשע: פּראָלעטארישער ערנוואָרט! כ'מאכ א באנקעטל, קום צוגיינ, וועסט זענ!

מוישע: לאדנאָ. טאָמער ניט, פאר די פיס פונ דער טריבונע. מירנ זענ! (מוישע אָפּ).

יאשע: בלײַבט אליינ. פו, שווער אויסצוקומענ מיט אזא מאסע. ער האָט מיר שיר ניט געפּאטערט די שפּיל. נו, איצט דארפ מענ זיכ נעמענ גרייטנ צום באנקעטל. אוי, אָט גייט סאָניע, פונקט צודערצײַט. (עס קומט ארײַנ סאָניע).

סאָניע: נו, אלע זײַנען געווען? האָסט מיט זיי גערעדט? עס וועט זײַן א צוזאמענוווינונג?

יאשע: איך גלויב, אז עס וועט זיך אײַנגעבן.

סאָניע: גלויבסט, אז עס וועט זיך אײַנגעבן? הייסט דאָס, אז דו ביסט נאָך ניט זיכער?

יאשע: איך האָב זיי באארבעט, זיי זײַנען מאסקים.

סאָניע: אפ וואָס זײַנען זיי מאסקים. אפ א צוזאמענוווינונג?

יאשע: ניין, זיי זײַנען מאסקים, אז יעדערער זאָל האָבן א באזונדערן צימערל.

סאָניע: כ'פארשטיי ניט. זאָגסט דאָך אליינ.

יאשע: וואָס פארשטייססו ניט? איך האָב אײַנגעטײַנעט מיט יעדן באזונדער און יעדן איינעם צוגעזאָגט בעסאָד, אז נאָר מיט אים טייל איך זיך דעם צימער אפ העלפט. ס'הייסט, אז איך צאם א ווענטל. שימעלען, אז די צווייטע העלפט צימער גיב איך אים אָפ, און ארקען האָב איך אויך דאָס זעלבע צוגעזאָגט, און הירשקען אויך, און צעמאכקען אויך.

סאָניע: אוי, וואָס האָסטו געטאָן?

יאשע: יעדער פון זיי איז אוועק א זיכערער, אז ער קריגט בא מיר א האלבן צימער. באלד קומען זיי אהער מיט די בעבעכעס זיך אײַנאָרדענען. זיי וועלן זיך דאָ צוזאמענטרעפן און דאן וועלן זיי זיך דערוויסן, אז...

סאָניע: אוי, האָסט פארקאָכט א קאשע! זיי וועלן דאָך מאכן א בירגער־קריג!

יאשע: נו, איז וואָס? ס'וועלן אָבער זײַן גוטע רעזולטאטן (זיי קושן זיך און לויפן ארויס).

שימעלע (קומט ארײַן): יאשקע! שוין אלץ פארטיק. א הובל איז דאָ? פאראן קאפיטאן! א האמער מיט א צוואנג איז דאָ? פאראן קאַפיטאן! טשוועקעס פאראן? טאק טאָטשנאָ! אָט קומט! זע, קיינער איז ניטאָ. א דײַגע איך שטעל דאָס וועגטל.

(ער זינגט אפן מאָטיוו פון טאָרעאדאָר)



ברעטער איז דאָ,
טשוועקעס האָב איך אויך,
א וועגטל וועט זײַן
טאָרעאדאָר.
עך, וועט עס זײַן אן אנטי־י־י־יק!!!

(עס קומט אָן צעמאך, ער שלעפט א ברעט. אינ ברעט איז אײַנגעפאסט א ראדיאָ־רופאָר).

צעמאך: נאָך קיינער ניטאָ? ס'איז נאָך בעסער. כ'וועל מאכן א סיור־פריז. עך, אָט איז מײַן ראדיאָ־סטאנציע! ביליק און פראָסט. אייגענע קאָנסטרוקציע. די לעצטע דערגרייכונג! טעכניקע! (ער שלעפט די ראדיאָ, אינ צווייטן ווינקל שטעלט שימעלע דאָס וועגטל. יעדערער רעדט צו זיך).

שימעלע: עך, א וואנט! זאָל נאָר ניט אײַנפאלן!

צעמאכקע (צו זיך): עס וועט האלטן. איך וועל צושרויפן.

שימעלע (צו זיך): עך, וועט דאָס זײַן אן אנטיק!

צעמאכקע (צו זיך): שוין איינמאָל גוט (קוקט אפן ראדיאָ) ביליק און שטארק. (ער פרוווט). אללאָ, הערט.

שימעלע: הא? (ער דערזעט צעמאכן) אוי, זעט, צעמאכקע. וואָס טוסט דאָ?

צעמאכקע (באמערקט ניט שימעלען, ער רעדט אינ רופאָר): איך רייד אפ א כוואליע פון 18 אפ 13!

שימעלע: זע, וואָס איז דאָס אזוינס?

צעמאכקע (באמערקט אים ניט און רעדט אינ רופאָר): די ראדיאָ־סטאנציע אפ צעמאכקעס נאָמען. אללאָ, אללאָ.

שימעלע (צופט אים פארן האנט): זע, איך רייד צו אים און ער רעדט צו דער וואנט.

צעמאכקע (באמערקט אים): א, אוי, שימעלע. נו, וואָס? ס'הערט זיך?

שימעלע: וואָס זאָל זיך הערן?

צעמאכקע: ניין, איך פרעג, צי עס הערט זיך די ראדיאָ.

שימעלע: דאָס איז בא דיר ראדיאָ? פאר וועמען איז דאָס?

**צעמאכקע:** וואָס הייסט פאר ווערמען? כ׳ראדיפיציר מײַנ..... ס׳הייסט פאר יאשקענ. א גוטער יאט, געקראָגנ א צימער, פארוואָס זאָל איכ אים ניט...

**שימעלע:** גערעכט, צעמאכקע! מאָלאָדיעצ! (צום אוילעמ) אָט א טשורדאק, ער ווייס ניט, אז ער מאכט דאָס פאר מיר די ראדיִאָ. (צו צעמאכנ) ביסט א יאט! א פארטיזאנסקער! א׳ זעלכע האָב איכ ליב. (ער גייט צו צו זײַנ ווענטל).

**צעמאכקע:** זע, וואָס מײַסטרעווסטו דאָ?

**שימעלע:** וואָס הייסט, כ׳צאם זיכ א ווענטל.... ע.... ס׳הייסט פאר יאשקענ. ערט מיכ געבעטנ. דאָ—זײַנ עס־צימער, דאָרטנ—דער קאבינעט.... לערנענ זיכ, אָפּרוענ, מײַנ בעסטער פרײַנט. פארוואָס זאָל איכ עס אים ניט טאָנ? ער איז דאָכ אזוי פארנומענ.

**צעמאכקע:** עמעס, עמעס, ער איז אזוי פארנומענ. צאם, שימעלע, צאם! (צום אוילעמ) אָט א נאר, ער ווייס ניט, אז דאָס צאמט ער פאר מיר די וואנט?

**שימעלע:** וואָס זאָגסטו? א? אָט האָט דאָס יאשקענ אָפּגעגליקט מיט א צימער?

**צעמאכקע** (זיפצט): אכ,ככככככ.

**שימעלע:** זיפצ ניט, צעמאכל, ס׳ועט נאָכ קומענ א צײַט. מירנ נאָכ אויכ האָבנ באזונדערע צימערנ. ווי האלט עס בא דיר מיט קווארטיר?

**צעמאכקע:** אכ, פרעגנ שוינ גאָרניט. מע האָט מיכ ארויסגעזועצט פונ זשאקט. כ׳האָב איבערגעפירט די פראָוואָדנ. עקספערימענטירט ראדיִאָ. אָכ, אָכ, אָכ!

**שימעלע:** עכ, צעמאכקע, זאָרג ניט. קלעם זיכ ניט. קאָנסט דאָכ מיכ. מיר זײַנענ דאָכ אלטע פרײַנט. פארטיזאנסקע. איכ וועל דיכ שוינ ווי עס איז אײַנאָרדענענ. אָט אינגיכנ קריג איכ א צימער, וועל איכ דיכ ארײַנעמענ צו זיכ, נאָר צײַטווײַליק, הערסט. ווי נאָר איכ וועל דארפנ, זאָלסטו מיר באפרײַענ. זאָגסט צו?

**צעמאכקע:** אדאנק, ביסט אנ עמעסער כאווער. נאָר.... האָב קיינ יעסורים ניט. איכ וועל זיכ שוינ ווי עס איז אײַנאָרדענענ.



**שימעלע:** ניינ, ניינ! טאָרסט מיר ניט אָפּזאָגנ. וועסט מיכ אָבידיענ צום טויט!

**צעמאכקע:** מע דארפ ניט, נארעלע. כ׳וועל דיר זאָגנ דעם עמעס, נאָר ס׳איז א סאָד. אָט דעם צימער, זעסט? איז אָט: יאשקע טיילט דאָס מיט מיר אפ העלפט. ער צאמט א וואנט.

**שימעלע:** ער צאמט א וואנט? מיט דיר אפ העלפט? ס׳א ליגנ! דאָס טיילט ער דאָכ מיט מיר אפ העלפט! אָט! כ׳האָב געקראָגנ ברעטער! טשוועקעס! מיט מיר אפ העלפט! א וואנט!

**צעמאכקע:** ס׳א ליגנ! נאָר מיט מיר! זאלבעצווייט! ער האָט מיר צוגעזאָגט.

**שימעלע:** אוי, האָט ער מיכ אָפּגענארט! מיכ! א פארטיזאנ! אָבידנע און דאָסאדנע!

**צעמאכקע:** אוי, האָט ער אונדז ביידנ אָפּגענארט? אָט האָסטו דיר א פראָיעקט.

**שימעלע:** אָבידנע. ס׳איז ניט פּאָ פארטיזאנסקע!

**צעמאכקע:** אוי, אוי, וואָס זשע טוט מענ?

**שימעלע:** אכ, אונ איכ האָב שוינ געמיינט..... (פאוזע) עכ, צעמאכקע זאלבאדריט איז זאלבעדריט. אינ ענגשאפט, נאָר אינ פרײַנטשאפט! פּאָ פארטיזאנסקע! פּאָ בראטסקי! הא?

**צעמאכקע:** ס׳הייסט איכ? אדעראבע. לאָמיר צוזאמענ.... איכ האָב אלעמאָל....

**שימעלע:** צוזאמענ איז צוזאמענ! ביזנ־קײַווער! נא! (גיבנ זיכ די הענט).

(עס קומענ ארײַנ ארקע אונ בליומע מיט פעקלעכ).

**צעמאכ:** זע, ווער גייט עס?

**שימעלע:** ארקע אונ בליומע, זע, זיי טראָגנ עפּעס פעקלעכ.

**ארקע:** זע, נאָכ קיינער ניטאָ? ווו איז די ליאמע? שוינ באלד דער דריטער קלונג! ווו איז יאשקע? בענעפיציאנט! זאנאוויעס!

**בליומע:** פאראנ זאנאוויעס!

**ארקע:** צענעמ די פעקלעכ! לייג אויס די בוטאפאָריע! צעשטעל די

דעקאָראַציעס! לעבעדיק! עמאָציִעס! (צו שימעלען און צעמאכן)· אײַ! געסט! וואָס שטייט איר; ווי די סטאַטיסטן? העלפֿט! רוקט! רירט זיך!

**שימעלע:** ערשטנס זײַנען מיר דאָ ניט קיין געסט און דו—ניט קיין באַלעבאָס.

**צעמאכקע:** יע, נאָר דאַכט זיך פאַרקערט.

**ארקע:** א נאַפקעמינע! טוט! אַרבעט! נאָר ניט אפּ אן אָרט!

**בלומקע:** אוי, מײַן פּוס! וואָס איז דאָס פאַרא ברעטער? נעם צו.

**שימעלע:** טשעפּעט ניס! ס'איז מײַן וואַנט!

**ארקע:** וואָס פאַר א וואַנט?

**בלומקע:** וואָס פאַר א וואַנט?

**שימעלע:** א.... ע..... ס'איז פאַר יאַשקען. מיין איך. ער האָט מיך געבעטן שטעלן א וואַנט.

**ארקע:** אוי, טײַבעלע, דאָס איז דאָך פאַר אונדז די וואַנט.

**בלומע:** און וואָס איז דאָס פאַר א ברעט? זע, מיט א רופֿאָר?

**צעמאך:** שטיי, ריר ניט! ס'איז מײַן ראַדיאָ־סטאַנציע!

**ארקע:** בראַוואָ, ביס! האָבן מיר שוין ראַדיאָ אויך. אדאַנק, ברודער. בלומע, פאַרהענג די פאָרהענגלעך! געמיטלעכקײַט! האַר־מאָניע.

(ארקע, בלומע לויפן איבערן צימער, ברענגען אלץ אין אָרדענונג).

**שימעלע** (צו צעמאכן): ווי געפעלט דאָס דיר, ווי זיי קאָמאַנדעווען דאָ בא אונדז?

**צעמאך:** אדערבע, זאָלן זיי אונדז העלפן. זעסט? פאָרהענגלעך געבראַכט, לעגינס א פאָרטרעט. א טישטעכל. צובײַסונג!

**שימעלע:** מאַך א שווײַג. דאָס וועט אונדז אלץ צוניץ קומען. מירן האָבן א צימער, אָ! נו, איך לויף נאָכן ביקס. בלײַב דאָ, זײַ א באַלעבאָס.

(שימעלע אָפּ, עס קומט אָן הירשל, ער שלעפּט אפן פּלייצע א גאמאַק).

**בלומע:** זע, הירשע לויפט. (גיט א קוק אין פענצטער).



**צעמאך:** זע, ער טראָגט א גאַמאַק אפן פּלייצע.

**הירש** (לויפט אַרײַן): כאַפּט ניט! כאַפּט ניט! ס'איז אײַך ניט קיין פּראָזע. לאָזט מיר צובינדן מײַן גאַמאַק! (ער בינדט צו דעם גאַמאַק).

**בלומע:** וואָס פאַר א גאַמאַק? אינמיטן צימער א גאַמאַק? פאַר וועמען?

**ארקע:** ס'טויג ניט. בינד אָפּ. פירסט מיר איבער די גאַרמאָניע! יאַשקע דאַרף ניט קיין גאַמאַקעס!

**הירשע:** ס'איז גאָרניט פאַר יאַשקען, נאָר פאַר מיר. ס'איז, אז איך וועל קומען אהער צו גאַסט, זאָל איך האָבן וווּ צוצושפּאַרן זיך. איך שרײַב פּאָעזיע נאָר אין א גאַמאַק. ס'איז ווייכער פאַר די געדאַנקען. און אין אלגעמיין לאָזט אָפּ!

(בינדט צו, לייגט זיך אַרײַן, נעמט אַרויס א פּאַפּירל און שרײַבט).

**צעמאכקע:** די פּאָעזיע איז אפּ אים אָנגעפאַלן. ווי ער האָט זיך עס צעלייגט.

**הירש:** טשעפּעט מיך ניט. האַרגעט ניט מײַן שטימונג! כ'שרײַב וועגן נײַעם צימער.

**צעמאכקע:** שאַ, אָט גייט שימעלע. ער וועט דיר באַווײַזן פּאָעזיע. אָט איז ער, שימעלע, זע וואָס זיי האָבן דאָ אָנגעטאָן.

**שימעלע** (ער לויפט אַרײַן מיט א ביקס): עהע! סטאָפּ! שטייט! (שטעלט אָן די ביקס). הענט הויך! אכטונג! איך בין דער באַלעבאָס. אורא! שרײַט! איך שיס! נו? (אלע שרײַען) אורא! אורא!..

**שימעלע:** וואָלנאָ! (ער קוקט זיך ארום) וואָס האָט איר דאָ אָנגעמאַכט אָן מיר? וואָס איז דאָס פאַר א ווײַבערישקײַט? פאָרהאַנגלעך! צאַצקעלעך! שמאָכטעליאַקעס! איר וועט מיר נאָך ברענגען פּערינעס אויך? אדאַנק! מויכל! ס'איז ניט פאָ פּאַרטיזאַנסקע!

**בלומע:** ס'איז דאָך פאַר יאַשקען. זאָל זײַן אויוטנע.

**שימעלע:** אַטסטאַוויט! קיינע בורוואַרג! אָט דאָ די פעלד־בעטל. און דאָ די פּיראַמידע פאַרן ביקס. רעכטס—וואָראָשילאָוו, לינקס—בודיאָנע.

דאָ—די ציל־ברעס. אכטונג! דער פּײַנט שלאָפּט ניט! באַם ערשטנ מאָמענט—די ביקס אינ די הענט (ער שטעלט אלצ איבער).

**ארקע:** פּאמעלעכ די בוטאפּאָריע!

**שימעלע:** קײנע בוטאפּאָריעס! היגיִענע! היגיִענע אפנ ערשטנ פּלאנ!

**ארקע:** צעשטער מיר ניט די הארמאָניע! אונ מיט וואָס פאר א רעכט באלעבאטעוועסטו דאָ?

**שימעלע:** איכ? מיט וואָס פאר א רעכט? צעמאכקע, וואָס זאָגסטו?

**צעמאכקע** (צו ארקענ אונ צו בליומענ): אונ מיט וואָס פארא רעכט באלעבאטעוועט איר דאָ?

**שימעלע:** איכ וועל ניט דערלאָזנ, איר זאָלט פארבאלעבעסלענ מײַנ יאשקענ! איכ וועל אים מאכנ פאר א סנײַפּער! מיר מוזנ אלע זײַנ סנײַפּערס! דאָ אינ צימער מוז אלצ אנטשפּרעכנ דעמ גײַסט... זע, וואָס איז דאָס? א גאמאק? אטסטאוויט! (רײַסט דעם גאמאק, א טומל א געשריי. שימעלע אונ הירשע רײַסנ זיכ פארנ גאמאק. עס קומט ארײַנ מוישע).

**מוישע:** וואָס פארא אנארכיע?! וואָס פארא אנארכיע! שטײט! הארגעט זיכ ניט! מע דארפ עס אָרגאניזירטערהײט!

**הירש:** אָ! אָ! זאָל זאָגנ די מאסע! מוישע די מאסע! מוישע! איכ דארפ האָבנ אפ וואָס צו שרײַבנ לידער?

**שימעלע:** בינד אָפּ דעמ גאמאק! ס'איז ווײַבערשער קאָמפּאָרט! אט־סטאוויט!

**מוישע:** הירשע, אינ נאָמענ פונ קאָלעקטיוו, באפויל איכ זאָלסט זיכ אראָפּקײַקלענ פונ גאמאק. אינ קעגנפאל וועלנ מיר אָנעמענ שטרענגע קאָלעקטיווע מיטלענ.

**שימעלע:** צעמאכקע! שלעפּ אים! רײַס פאר די פיס! פאר די פיס! (א טומל).

**הירש:** אוי! אוי! לאָזט אָפּ! שא. איר ווילט? איכ'ל אײַכ לײענענ א ליד.

**שימעלע:** א ליד? דאָס איז עפּעס אנדערש. אכטונג! הירש וועט לײענענ א ליד! שטיל, שטארב, טאָטשקא!!!



**הירש** (לײענט שטײענדיק אפ די קני אינ גאמאק):

איכ בינ שיקער אָדער ניכטער,
אָדער טרוימ איכ אפנ וואָר,
איכ האָב נעכטנ נאָכ געניכטיקט אינ א קאלטנ קאָרידאָר.
איצטער קאָנ איכ זיכ בארימענ
אונ דערצײלנ קלײנ אונ גרויס—
כ'האָב באקומענ הײַנט א צימער
אינ א שפּאָגל נײַעמ הויז.
גוט איז צו פארמאָגנ, ברידער,
א באזונדערע קווארטיר,
מיט א טיש אפ שרײַבנ לידער,
מיט א שליסל צו א טיר.

**ארקע:** אָט דאָס הײסט א ליד! ביסט אנ עמעסער מארקיש! האָפּשטײנ!

**הירשע:** מארקיש. האָפּשטײנ. איכ בינ מיר, הירשע מעטאליסט! א בײזער יאָר אפ אײַכ!

**שימעלע:** איכ פארשטײ ניט, דער צימער איז דאָכ יאשקעס אונ דו האָסט אָנגעשריבנ א ליד, פּונקט ווי דו וואָלסט באקומענ דעמ צימער, ניט ער.

**הירש:** ס'הײסט: דער צימער איז טאקע יאשקעס, נאָר ער האָט מיר... עכ, אז דו פארשטײסט ניט... פּאָעזיע, אינטויִציע!

**מוישע:** מיר געפעלט ניט אזא פּאָעזיע. דאָ איז ניטאָ וועגנ דער מאסע. אלצ איכ אונ איכ. קלײנבירגערלעכע באלעבעסלדיקײַט! אינדיווי־דואליזמ! אלצ פאר זיכ, ניטאָ קײנ קאָלעקטיוויזמ! מיט א שליסל צו א טויער, צו א טיר. האָסט זיכ פארשלאָסנ פונ דער מאסע אינ א באזונדערנ צימערל, אָט, ווענ דו באזינגסט א צוזאמענ־ווױנונג!

**ארקע:** וואָס פאר א צוזאמענוווינונג? באזונדערע צימערנ! א באזונדערנ!

**שימעלע:** א באזונדערנ!!

**מוישע:** און איך זאָג נאָר קאָלעקטיוויזם! מיט דער גאנצער מאסע! מע דארף דאָ אָרגאניזירן א צוזאמענוווינונג פאר דער גאנצער בריגאדע! אזא צימער מיט אזא קובאטור, און ווער וווינט דאָ: נאָר איך און יאשקע.

**בליומע:** אוי, וואָס הייסט דו מיט יאשקען?

**ארקע:** ס'א ליגן. ער טיילט מיר אָפּ א האלבן צימער! פאר מיר מיט בליומען. ער האָט מיר געשוואָרן!

**שימעלע** (פארוואונדערט): אוי, צעמאכל, הער א מייסע. זיי אויך מיט יאשקען. און ווו זיינען מיר? אטסטאוויט!!! נאָר איך וועל וווינען מיט יאשקען! ער האָט מיר צוגעזאָגט שטעלן א ווענטל. אָט! ער האָט מיר נאָך געהייסן איך זאָל מאכן א שוויי̆ג.

**צעמאכקע:** און אָן מיר האָסטו פארגעסן? האָסט דאָך געזאָגט פאָ פארטיזאנסקי. איכל אויך וווינען מיט יאשקען! איך ראדיאָפיציר אים. יאָ?

**הירש:** שטייט! שטייט! פּלאָנטערט מיר ניט די געדאנקען. לויט אייך קומט אויס, אז מיר וווינען דאָ אלע אין איין צימער? עס קען ניט זיין. ער האָט דען אלעמען צוגעזאָגט?

**אלע:** צוגעזאָגט! צוגעזאָגט! מיר אויך! און מיר!

**הירש:** אָט האָסטו דיר א קאיוטע. א שטילן האפן. פּאָלונדרא, ברידערלעך! פּאָלונדרא!!!

**ארקע:** אָט האָסטו דיר א בענעפיס. ער האָט מיר צעדרייט די ראָלן. איכ'ל אים אויסדרייען א פוס! ווו איז ער, יאשקע?!

**אלע:** ווו איז ער?! ווו איז ער! אָפּגענארט! אָפּגענארט!

**מוישע:** צו וואָס דארפן מיר יאשקען? מירן זיך אָן אים באגיין.

**הירש:** ווו זשע זאָל איך וווינען?!

**צעמאכקע:** און איך?!

**ארקע:** איכ'ל פונדאנען ניט אָפּטרעטן! א לעבן אָדער א טויט!

**בליומע:** איך אויך, ארעלע.

**שימעלע און צעמאכקע:** מירן אויך פונדאנען ניט אָפּטרעטן!!

**מוישע:** איר וועט פונדאנען ניט אוועק? איר בלייבט אלע דאָ?



**אלע:** מירן ניט אָפּטרעטן. ס'איז מיין צימער. ס'איז מיין צימער.

**מוישע** (צו ארקען): הייסט עס, אז דער צימער איז דיינער? אהא! (צו בליומען). און דיינער? טאק! (צו שימעלען). און דיינער אויך?

**שימעלע:** פאקטורא!

**מוישע:** הייסט עס אונדזער אלעמענס צימער? הייסט עס אונדזער צוזאמענוווינונג?

**שימעלע:** קיינע צוזאמענוווינונגען ניט! א צימער פאר זיך! א באזונדערן.

**בליומע:** איך וויל ניט מיט די יינגלעך צוזאמען. א באזונדערן!

**מוישע:** פאר די ווייבער וועלן מיר אָפּצאמען א באזונדער צימער מיט א שפיגל. נו, און מיר, די מאנצבילן, וועלן וווינען דאָ צוזאמען קאָלעקטיוו? נו איך שטים אָפּ. ווער איז פאר אינדיווידואליזם? הא? ווער איז קעגן נייעם שטייגער? הא? ווער איז קעגן א צוזאמענוווינונג? הא? ווער איז קעגן קאָלעקטיוויזם? הא? ווער איז פאר קלייבבירגערלעכקייט, פאר באלעבעסלדיקייט? הא? קיינער ניט? אהא, איינשטימיק! סאנקציאָנירט און פראָטאָקאָלירט! אלע ווי איינער אין קאָמפּאקטע מאסן פאר א צוזאמענוווינונג! זאָל לעבן!..

**הירש:** איך בין קעגן א צוזאמענוווינונג!

**שטימען:** איך אויך! איך אויך!

**מוישע** (צו הירשקען): הא? ער וויל ניט דעם נייעם שטייגער! און ער שרייט נאָך:—איך! איך! א פראָלעטארישער פּאָעט!

(אן אלגעמיינער טומל).

**הירש:** שטיי! שטיי! איך בין דען קעגן? כ'האָב בלויז געוואָלט אליין א צימערל פאר זיך. צו שרייבן.

**שימעלע:** ס'ארא ריסטאָקראט! ס'ארא קלוגער! פאר זיך?.. און מיר, ווו זאָלן זיך אהינטאָן? ס'איז דען פאָ פארטיזאנסקי? מוישע איז גערעכט! אויב יאָ, איז שוין בעסער קאָלעקטיוו.

**צעמאכקע:** אייגנטלעך האָב איך אויך גאָרניט קעגן א צוזאמענווינונג. אדעראבע, איך'ל דורכפירן די נײַסטע טעכניק! כ'האָב צוויי פראָיעקטן!

**שימעלע:** א צוזאמענווינונג איז א צוזאמענווינונג! נאַר דיסציפלין אפן ערשטן אָרט! מיליטעריש! גיגיִענע! רעזשים פאָלגנדער!

**בלומע** (קרימט נאָך): גיגיִענע. מע וועט לעבן ווי כאזיירים. מע וועט שפּײַען אפן דיל.

**שימעלע:** א רובל א שפּײַ.

**ארקע:** אבסאָליוטע אײַנגעשפּילטקייט! פאָלשטענדיקע הארמאָניע!

**בלומע:** מע דארף ניט קיין הארמאָניק, בעסער א גראמאָפאָן.

**צעמאכקע:** ראדיאָ, בעסער ראדיאָ.

**שימעלע:** אכ, מוישע, זאָגן דיר דעם עמעס, האָב איך שטענדיק געטרוימט וועגן א צוזאמענווינונג, ווי די פארטיזאנער אין אָטריאד.

**ארקע:** המ... איך קען נאָך זאָגן, איך האָב אויך געטרוימט וועגן...

**הירש:** וואָס טרוימען, ווען טרוימען... טרוימען דאָס איז מײַן זאך.

**מוישע:** נו, אויב א צוזאמענווינונג איז וואָס־זשע שטייט איר? צעלייגט זיך מיט די בעבעכעס, ווי בא זיך אינדערהיים. שימעלע, זײַ דער קווארטיר־מײַסטער. איכל דערווײַלע צוגרייטן די רעזאָליוציע.

**שימעלע:** אלע אפ די ערטער! לויטן ראנזשיר! הירשע, גענוג צו וויגן זיך! העלפ!

**מוישע** (באווײַזט אפ דער באגריסונג): וואָס איז דאָס פאר א פלאקאט? הוילער אינדיווידואליזם! רײַסט אראָפּ! שרײַבט אפ דער אנדער זײַט: זאָל לעבן אונדזער קאָמיוגישע צוזאמענווינונג! הורא!

**שימעלע:** דארף מען דאָך מאכן א באנקעטל. ס'וועט זײַן א באנקעטל?

**ארקע:** א באנקעטל איז דאָ. דער טיש איז געגרייט! פארנעמט די ערטער! זאנאוויעס!

**צעמאכ:** אויך מיר א באנקעט! אָן ווײַן.



**שימעלע:** ווײַן איז פאראן. א פלעשל ווישניק.

**בלומע** אונ גלעזלעך?

**שימעלע:** גלעזלעך אויך פאראן. אָט!

**ארקע:** מאָלאָדיעץ, שימעלע! וועסט זײַן מײַן רעקוויזיטאָר!

**שימעלע:** מויכל. ביסט אליין אן אינקוויזיטאָר! לעכײַים פאר א צוזאמענווינונג!

**שטימען:** מיר אביסעלע! מיר! מיר אויך! (אלע טרינקען אויס און מע שרײַט „הורא“!).

**הירש:** ווארט א יאש־ען! לאָזט אים אויך איבער אביסל!

**שימעלע:** פאר אים איז געבליבן אפן דעק!

**הירש:** אן אָרט צום שלאָפן האָט איר אים איבערגעלאָזן?

**שימעלע:** מיר וועלן אים שוין ווי ניט איז אוועקלייגן!

**מוישע:** נו איך לייען. בא מיר איז שוין פארטיק די רעזאָליוציע!

**ארקע:** קיינע רעזאָליוציעס! פארשטערט ניט מײַן סימכע! זאנעוויעס! עמאָציעס! עמאָציעס! פארציט א ליד! (אלע זינגען, טאנצן, אינמיטן קומט יאשע. אלע ווערן שטיל).

**יאשע** (אין פארלעגנהײַט): זע, דעם באנקעטל אָן מיר? אפן באלעבאָס ווארט מען ניט?

**ארקע:** וואָס פארא באלעבאטים? אויס בענעפיס! מיר זײַנען די באלעבאטים! זאנעוויעס!

**יאשע:** וואָס פאר א בענעפיס?! וואָס פאר א זאנעוויעס?!

**שימעלע:** האָסט פארשפעטיקט טײַערער! מיר האָבן דאָ געמאכט א...

**צעמאכקע:** מיט ראדיאָ! מיט ווענטיליאציע!

**ארקע:** דיר האָט זיך געוואָלט קוליסן!

**בלומע:** א וואנט? א באזונדערן צימער?

**מוישע:** קיינע צימערן ניט! קיינע ווענטעלעך! די רעזאָליוציע איז פארטיק! איך לייען אָט!

**שימעלע:** מוישע לייענט! שטיל! שטארב! טאָטשקא!

**מוישע** (לייענט): אין נאָמען פון דער ערשטער קאָמיוגישער בריגאדע, נעמענדיק אין אכט וואָס יאשקע טשוואק האָט אונדז געוואָלט

פאַרטונקלענ דעמ מאסעוונ באַוווסטזיַינ מיט אינדיווידואַליזמ, מיט קליינבירגערלעכער באַלעבעסלדיקייט אונ מיט באַזונדערע צימערלעכ אונ ווענטעלעכ,—האָבנ מיר קאַטעגאָריש באַשלאָסנ, סאַנקציאָנירט אונ פּראָטאָקאָלירט:—אַלע ווי איינער אינ קאָמ־פּאַקטע מאסנ, אינ א צוזאַמענוווינונג! זאָל לעבנ אונדזער צו־זאַמענוווינונג! הוראַ!

**אַלע:** הוראַ! הוידעס מוישענ! זאָל לעבנ מוישע די מאסע! הוראַ!

**יאשע:** אוי, הערסט? אָט דאָס האָב איכ דאָכ טאַקע געוואָלט!

**מוישע:** פאַרטונקל ניט מיַינ מאסעוונ באַוווסטזיַינ! האָסט געוואָלט א באַזונדערנ צימערל אָנ דער מאסע!

**יאשע:** ניינ! מיט דער מאסע! א צוזאַמענוווינונג, קאָמיוגישער ערנוואָרט!

**מוישע:** א ליגנ! עפּנט א פּאָרטעטשקע! אַרקע! דיריזשיר!

(אַלע זינגענ):

אוי, ניט ליַיג, ניט ליַיג,
בעסער זיצ אונ שוויַיג,
כאַוועךל דו מיַינ,
א רוכ אינ דיַינ טאַטנ אַריַינ!

**יאשקע:** טשעפּעט ניט מיַינ טאַטנ! ער איז בא מיר אַנ אַלטער פּראָ־לעטאַריער! א קאַדראָווער סטאָליער!

**מוישע:** דיַינ טאַטע איז טאַקע אַנ ערלעכער פּראָלעטאַריער, נאָר דו ביסט אַנ אינדיווידועלער באַלעבעסל! אָט לאָמיר פרעגנ בא דער מאסע. מירנ אימ אַריַינעמענ אינ דער צוזאַמענוווינונג?

**שימעלע:** אויב ער וועט זיכ אונטערוואַרפנ דער דיסציפּלינ—קענ מענ.

**בליומע:** אַזנ דיל וועסטו ניט שפּיַיענ?

**שימעלע:** וועסט לעבנ פאָ פאַרטיזאַנסקי?

**יאשע:** איכ בינ מאסקים אפ אַלצ! זאָל איכ געהאַרגעט ווערנ! כאַוויי־רימ. אָט דאָס אָ האָב איכ טאַקע געוואָלט פונ אָנפאַנג אָנ! אומ־באַמערקט איַיכ אַריַינציִענ אינ א צוזאַמענוווינונג. וויַיזט זיכ נאָר אַרויס, אַז איר האָט עס שוינ אַליינ געטאָנ.



**מוישע:** וואָס דענ? דו גלויבסט ניט אינ דער מאסע, גייסט מיט הינ־טער־ווענג.

**אַרקע:** מיילע, וואָס איז דאָ צו בריַיענ? זעצ זיכ שוינ באַמ טיש, פיל זיכ ווי אינדערהיימ. גיט אימ א גלעזל!

**יאשע:** איכ טרינק פאַר דער צוזאַמענוווינונג פונ אונדזער העלדישער בריגאַדע! פונ היַינט אָנ האָבנ מיר א יוגנט־צוזאַמענוווינונג, ווו מירנ לעבנ אונ באַהאַנדלענ צוזאַמענ אַלע אונדזערע פּראָדוציר־פראַגנ! זאָל עס זיַינ א שול פאַרנ ניַיעמ שטייגער! פאַרנ ניַיעמ לעבנ!

**אַלע:** הוראַ!!!

**מוישע:** סעקרעטאַר, פאַרפּראָטאָקאָליר!

**שטימענ:** ניטאָ! ניטאָ דער סעקרעטאַר! ווו איז סאָניע?! סאָניע, סעק־רעטאַר!

**יאשע:** א? סאָניע? זי איז אינ פּאַניקע. זי האָט זיכ דערוווּסט, אַז איכ האָב איַיכ אַלעמענ צוגעזאָגט באַזונדערע צימערנ, האָט זי זיכ דערשראָקנ פאַר א סקאַנדאַל. זי האָט מוירע איר וועט איר באַפאַלנ. זי איז אינ פּאַניקע.

(אַלגעמיינער געלעכטער).

**שימעלע:** אוי, זי גייט! זי גייט! סאָניע!

(אַלע ווערנ שטיל, מע באַגעגנט קלוימערשט סאָניענ בייז, סאָניע גייט אַריַינ דערשראָקנ).

**שימעלע:** אָט גייט זי! זאָל זי האַלטנ אַנ ענטפער!!!

**הירש:** זי איז אינ אַלצ שולדיק! לאָמיר זי מישפּעטנ!

**אַלע:** מישפּעטנ! מישפּעטנ! זי האָט אונדז אָפּגענאַרט! אָפּגענאַרט!

**מוישע:** זי האָט אונדז פאַרטונקלט דעמ מאסעוונ באַוווסטזיַינ!

(אַלע גיבנ זיכ בייז א לאָז צו סאָניענ).

**סאָניע** (דערשראָקנ): כאַווייריִמ! שטייט! איכ בינ ניט שולדיק! קאָמיוגי־שער ערנוואָרט! זאָל איכ אַזוי לעבנ! דאָס איז אַלצ ער, יאשקע!

ער האָט מיך איינגערעדט: יערן באזונדער דערציילן. אזוי און אזוי. אכצן אפ דרייצן, קובאטור! איך בין ניט שולדיק! ס'איז...

**מוישע:** ע, וואָס פארא טרוצים! רייסט די מאסקע!

**שימעלע:** יאשן, נאָך מיר! נעמט זיך! (מע וויל זי כאפן).

**סאָניע:** שטייט, שטייט! מישפעט מ. ניט! איך האָב פאר אייך א נייס. אָט! א פּראָטאָקאָל. זאָל איך אזוי לעבן! אָט זעט! (זי לייענט) פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג באם זאוועקאָם. באשטימט פאָלגנדעס: קומענדיקע וואָך צוטרעטן בויען וווינונגען פאר די ארבעטער פון אונדזער זאוואָד, צוויי קאָרפּוסן אפ דער טעריטאָריע פון זאוואָד און איין קאָרפּוס אפ ליבקנעכט־גאס. פאר דער ערשטער קאָמיוגישער בריגאדע אויסטיילן וווינונג־פּלאץ אין א סומע פון זעכציק קוואדראט סאזשענ. דאָס הייסט דרייצן צימערן אלס פּרעמיע פאר מוסטערהאפטער שלאָגלעריי. די בויונג פארענדיקן צום 18־טן יובילייַ פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אונטערשריפטן. אָט, (זיווישט זיך דעם שווייס).

**אלע:** דרייצן צימערן! הורא!

**שימעלע:** עך, א באזונדערן צימער!

**צעמאכקע:** א צימערל מיט ראדיאָ! מיט ווענטיליאציע!

**הירש:** א קאבינעט אפ שרייבן לידער! מאמעלעך!

**ארקע:** א צימערל מיט בוטאפאָריע!

**סאָניע:** אך, יאשינקע! וועלן מיר עס מאכן א לעבן!

**מוישע:** אוי, ברידערלעך מיינע! א באזונדערן צימער! איך האָב דאָך אלעמאָל געשטרעבט! א באזונדערן.

**ארקע:** וואָס־זשע שטייט איר, בעהיימעס!! לאָמיר איבערלאָזן יאשקען אין זיין צימער! לאָזט אים איבער די בוטאפאָריע! זאָל ער זיך איינאָרדענען אליין! מיר זיינען אלע ווערט באזונדערע צימערן! ביך! ביס! ביך! זנאוויעס!

(יערערער טילט אויס יאשען מאטאָנעס. אלע גייען צום טיר יאשקע זעגנט זיך מיט זיי פאָכנדיק מיט דער האנט).

**פאָרהאנג.**

---




רעדאקטער—א. דאמעסעק
ליטקאָרעקטור ג. פרידמאן
טעכרעדאקטער—אבראמאָווא
קאָרעקטער—ד. ווילהעלם
אָפּגעגעבן אין דרוק—35-22/IX י.
אונטערגעשריבן צום דרוק—35-25/XI י.
צאָל צייכנס אין איין דרוק-בויגן 57600.
פאפיר $72 \times 105\frac{1}{32}$ צאָל דרוק-בויגן $3\frac{3}{4}$.
באשטעלונג 466. טיראזש 3.185.
גלאווליטבעל 1587 №Б.
פאראנטוואָרטלעכער קאָרעקטער.
פון דרוקעריי—קאראסיק.
דרוקעריי א. נ. סטאלין.
מינסק.



פרײַז 1 ר. 20 ק.

ЦАНА 1 р. 20 к.





*НА ЯЎРЭЙСКАЙ МОВЕ*

**Я. Зельдзін**

**КЛУБНАЯ СЦЭНА**

Дзяржаўнае Выдавецтва
Беларусі

Менск — 1936

*

*НА ЕВРЕЙСКОМ ЯЗЫКЕ*

**Я. Зельдин**

**КЛУБНАЯ СЦЕНА**

Государственное Издательство
Белоруссии

Минск — 1936